יצחק רייזמאן




# געשיכטע פון אידן אין בראזיל

I. F. NORONHA

Pernambuco

יצחק רייזמאן

# געשיכטע פון אידן אין בראזיל

פון דער אנטדעקונג ביז סוף
פון דער האלענדישער הערשאפט

פארלאג „בוך און פרעסע"
1935 סאן פאולא

ISAAC Z. RAIZMAN

# Historia dos Israelitas no Brasil

desde o descobrimento até
o fim do dominio Hollandez



Printed in São Paulo, Brasil — 1935

כדי צו פארשטיין דעם גרויסן אינטערעס, וואס די אידן פון פארטוגאל האבן געהאט אין ניי אנטדעקטן לאנד בראזיל, איז כדאי אפצושטעלן זיך אויף דער צייט, וועל-כע ווערט אנגערופן די עפאכע פון אנטדעקונגען, סוף 15-טן און אנהויב 16-טן יארהונדערט.

אין שפאניע האבן שוין אנגעהויבן בושעווען די פייערן פון די שייטערהויפנס, צענטליקער אידישע מש-פחות האבן זיך געראטעוועט פון די אינקוויזיציע נע-גל אין פארטוגאל און האבן געמוזט וואנדערן, מייסטן קיין האלאנד, וואו זיי האבן אין אמסטערדאם געבילדעט אן אנגעזעענע אידישע קהלה און האבן אנגעהויבן ארי-בערפירן דעם האנדל, וואס זיי האבן געפירט מיט פאר-שידענע לענדער מעבר לים, נאך זייענדיק אין פארטו-גאל. דאס האט ווידער געפירט דערצו, אז פארטוגאל, וועמענס מלוכה קאסע איז געווען אויסגעליידיקט אלס פועל יוצא פון די פארשידענע מלחמות און פארשווענ-דערישקייטן פון די פארשידענע הויף מקורבים, זאל אנהוי-

בן זוכן פֿאַרשידענע מיטלען, ווי אזוי צו פארשטופן די לעבער אין דער ליידיקער מלוכה קאסע און אידיש פארמעגן איז געווען דער הויפט אביעקט פון די דאמאלסטיקע פארטוגעזישע מלוכה מענער, וועלכע זענען געווען אונטערן איינפלוס פון קאטוילישן קלער.

די קאטוילישע קירכע האט געהאט איין מיטל: פארמשפטן די אידן און איבערגעבן א טייל פון זייער פארמעגן די מלוכה קאסע און אין דעם גייסט האט גענארבעט די טרויעריק בארימטע אינקוויזיציע. עס זענען אבער דאך געווען אייניקע געציילטע ווייט - זעער, וואס האבן געזען דעם חורבן פון לאנד אין דעם פארטרייבן די אידן און זייער איבערפירן מיט זיך דעם האנדל מיט אויסלאנד. אזא שטים איז געהערט געווארן פון גלח אנטאניא וויעירא, וועלכער האט געראטן דער רעגירונג אפשטעלן די פארפאלגונגען אויף אידן, פארזיכערן זיי פרייהייט פון רעליגיע און איינלאדן זיי צוריק קיין פארטוגאל. דער אויפריכטיקער קאטוילישער גלח, האט גענוג געליטן פון דער אינקוויזיציע פאר זיין מוטיק ווארט. אויף וויפיל עס איז געווען גערעכט די באהויפטונג פון אנטאניא וויעירא איז צו זען פון עקאנאמישן חורבן פון פארטוגאל און שפאניע אין יענער צייט.

ניט אלע אידן זענען אבער אוועק פון פארטוגאל און שפאניע און די פארבליבענע אידן זענען פארמעל אריבער צום קריסטנטום און האבן באקומען דעם אזוי טרויעריק באקאנטן נאמען „קריסטאענס נאוואס" (נײַ-קריסטן).

דאס וואס אין לאנד איז ניט געווען געפירט קיין ראציאנעלע ווירטשאפט, אדער עס איז בכלל קיין שום

ווירטשאפט, אין מאדערנעם זין פון ווארט, ניט געפירט גע-
ווארן, האט פארשטענדלעך ניט געבעסערט די עקאנאמי-
שע לאגע. זאגאר מיטן צוגערויבטן פארמעגן פון די אינק-
וויזיציע קרבנות, זענען די דאמאלסטיקע הערשער ניט
געווען בכוח צו פארשטאפן די לעכער אין ריזיקן מלו-
כה ביודזשעט, איז דערפאר פארשטענדלעך, וואס גראד
אינמיטן אומענדלעכן פלאקערן פון שייטערהויפן זענען
דאך געווען אייניקע אידן, וועלכע מען האט געשוינט,
כאטש מען האט געוואוסט, אז זיי זענען אידן, דאס
איז געווען דערפאר וואס די מלוכה קאסע האט זיך
גענויטיקט אין זייער הילף.

אזעלכע אידן זענען געווען פערנאנדא דע נאראניא,
אלווארא פימענטעל א. אנד., וועלכע זענען געווען פראטע-
זשירט דירעקט דורכן קעניג, און וויפיל די אינקוויזיציע
האט ניט געהאט קיין חשק צוצונעמען זייערע פארמעגנס,
האבן זיי עס ניט געקענט באווייזן, ווייל אין זייערע
הענט איז געלעגן דער גורל פון דער מלוכה קאסע און
די פינאנסן פון לאנד.

דאס זיינען אבער געציילטע פאלן און די מערסטע
אידן זענען אויך אלס ניי-קריסטן פארפאלגט געווארן. אזוי
זענען די אידן ארויסגעשטויסן געווארן פון מלוכה שטע-
לעס, עפנטלעכע אמטן און אויך פון ליבעראלע פרא-
פעסיעס האט מען געיאגט דעם איד, אזוי אז פאקטיש
איז די אידן געבליבן נאר מאטעמאטיק און אסטראנאמיע,
אבסטראקטע וויסנשאפטן, וואס האבן ניט געגעבן
קיין גרויסע פראפיטן און ממלא האבן זיך זייער ווינציק
ניט אידן געווארפן צו די פראפעסיעס, דערפון נעמט

זיך דער פאקט, וואס אין דער „זשונטא מאטעמאטיקא" (מאטעמאטיקער קאמיסיע), וועלכע דער קיניג האט איינ-געלאדן צו צייכענען א נייע ים מאפע, האבן פארנומען דעם סאמע אויבנאן די אידן: מייסטער ראדריגא און מייסטער זשאזע וויזיניא, פיזיקער פון דער קעניגלעכער קאמער און דער קארטאגראף מייסטער מאיזעס. דאס איז אלץ געשען אין א צייט, ווען די פארפאלגונגען אויף אידן זיינען געווען אויסערגעוויינלעך שטארק.

עס איז שוין היינט מער ניט קיין צווייפל, אז איינע פון די טרייב כוחות, וואס האבן געפירט די דא-מאלסטיקע ים רייזנדע צו זוכן און אנטדעקן נייע לענ-דער, איז געווען דער געיעג נאך רייכטימער, וועלכע זאלן — לויט אלטע לעגענדעס — זיך האבן געפינען אין ווייטע לענדער. פון דעם קוק אויף די דאמאלסטיקע אנט-דעקונגען איז פארשטענדלעך דער ווינציקער אינטערעס פון פארטוגאל און אירע רייזנדע צום ניי-אנטדעקטן לאנד „טערא דע סאנטא קרוז" (לאנד פון היילקן צלם) — די איצטיקע רעפובליק פון פאראייניקטע עסטאדאס פון בראזיל. דאס האט דערמעגלעכט די אידן זאלן ארענ-דירן דאס לאנד און זיין די ערשטע קאלאניזאטארן פון בראזיל.

---

באזירט אויף היסטארישע דאקומענטן צילן מיר צו באווייזן אין אונזער ארבעט, אז די געשיכטע פון דער אנטשטייאונג פון בראזיליאנער פאלק און די אנטוויקלונג פון בראזיל קען זיך ניט אפטיילן פון דער געשיכטע פון אידן אין בראזיל. אויך דעם בלויז, וואס עקזיסטירט אין

דער אלגעמיינער געשיכטע פון אונזער פאלק אין יענער צייט, זענען מיר אויסן אויסצופילן מיט אונזער באשיידע-נער ארבעט.

מיר גיבן זיך אפ חשבון, אז די פארליגנדע ארבעט איז צופיל פראגמענטאריש, כדי זי זאל ווירקלעך אויספילן דעם געשיכטלעכן בלויז פון באטרעפנדן צייט אפשניט, מיר דערלויבן זיך אבער צו דענקען, אז אונזער באשלוס צו פארעפנטלעכן די ארבעט אויף דעם שטייגער ווי עס האבן אונז דערלויבט די מאטעריעלע אומשטענדן וועט לכל הפחות מיטהעלפן דערוועקן אין דער אידישער וועלט און אין אונזערע פירנדיקע וויסנשאפטס קרייזן אן אינטערעס צו אונזער ארבעטס געביט, צו דער געשיכטע פון אידן אין בראזיל.

וועט אונז אמאל דערמעגלעכט ווערן פארצוזעצן די פארשונגען צו דער געשיכטע פון אידן אין בראזיל, האפן מיר צו קענען פיל דערגרייכן אין דער פארשונגס ארבעט, סיי מיט די מאטעריאלן, וואס מיר האבן גרייט פארן צווייטן טייל, סיי אויך מיט די אנדייטונגען, וואס געפינען זיך אין אונזער רשות, וועגן מקורים, וואו עס געפינט זיך ווערטפולער מאטעריאל, וואס אינטערעסירט אונז אויף דעם געביט.

מיר האבן זיך באגרענעצט אויסשליסלעך אויף דאטן פון אידישער געשיכטע אין בראזיל און מיר גלויבן, אז דאס פארברייטערן זיך אויך אויף פארטוגאל איז אן אר-בעט, וואס איז עלול אראפצופירן פון דירעקטן ציל. אין אונזערע באשרענקטע מעגלעכקייטן האבן מיר געפינען פאר נויטיק צו באגרענעצן זיך אויפן עצם ציל פון אונזער אר-בעט—די געשיכטע פון אידן אין בראזיל.

דער מחבר

די אנטדעקונג פון בראזיל אין יאר 1500, איז געווען די הויפט ארבעט פון די אידישע געלערנטע אין פארטוגאל. די אידישע געלערנטע, וועלכע מען האט נישט צוגעלאזט צו א רייז ווינסנשאפטן, האבן אין יענער צייט זיך געמוזט ווארפן אויף מאטעמאטיק און אסטראנאמיע (1) און אויף דעם געביט זענען זיי געווארן די, וואס האבן דערמעגלעכט די ים-רייזעס און ממילא די אנטדעקונגען, וואס דער פלאט פון פארטוגאל האט געמאכט.

שטיינשניידער און בענסאוד ברענגען א צעטל פון איבער צוואנציק אידן, מחברים פון ווערק איבער מאטעמאטיק און אסטראנאמיע, צווישן וועלכע עם געפינען זיך די אידן: אברהם זאקוטא און יהודה איבן ווערגא פון פארטוגאל. אין דער אסטראנאמיע און קאסמאגראפיע, די הויפט ווינסנשאפטן פון נאוועגאציע, זענען ביז 15-טן

1) J. Bensaude, "L' Astro Naut." 51 .ז

י״ה נישט געווען קיין בעסערע אויטאריטעטן ווי די אראַ-
בער און אידן, די פארטוגעזישע מאנארכן האבן דעריבער
זיך געמוזט ווענדן צו די אידן און ביי די אידישע גע-
לערנטע געזוכט די סודות פון די ווייטע, אומבאקאנטע
מדינות, וועלכע זיי האבן געזוכט צו אנטדעקן.

א וואסער פלאץ די אידן האבן פארנומען אין די
צוגרייטונגען צו די ים רייזעס אין די אומבאקאנטע ווייַ-
טע לענדער איז צו זען פון דעם, וואס אין דער קאמי-
סיע פון מאטעמאטיקער, וואס דאן זשואן דער 2-טער,
קעניג פון פארטוגאל, האט איינגעלאדן אויף צו צייכע-
נען א נייע ים מאפע, האבן פארנומען דאס הויפט ארט
די צוויי אידן: מייסטער ראדריגא און מייסטער זשאזע
וויזיניא, פיזיקער פון דער קעניגלעכער קאמער און דער
קארטאגראף, מייסטער מאיזעס. (2) דער מייסטער זשא-
זע וויזיניא האט נאך א רייזע קיין גוואיאנא צוגעשטעלט
דעם קעניג א גענוי אויסגעארבעטן „רעזשימס״ און אן
„אסטראלאביא״ (3), וואס שפעטער האבן עס אלע שיפן
מיטגענומען אויף זייערע רייזעס.

א ספעציעלע השפעה אויף דער דערמאנטער קא-
מיסיע, האט געהאט דער אידישער געלערנטער אברהם
זאקוטא, לאנגיעריקער פראפעסאר פון אסטראנאמיע אין
דער אוניווערזיטעט פון סאלאמאנקא, ביי וועמען זשאזע
וויזיניא האט נעלערנט. ווען וואסקא דא גאמא איז

2) S. Leite Fº , “Os Judeus no Brasil” 18 .ז

3) „רעזשימס״ — אנווייזונגען ווי זיך צו פירן אויף די ים רייזעס.
„אסטראלאביא״ — אן אפאראט צו אריענטירן זיך אויף דער
ים-רייזע לויט די שטערן.

ארויסגעפארן זוכן דעם וועג קיין אינדיע, האט אים זא-
קוטא געגעבן די אנווייזונגען ווי צו פירן זיך אויף דער
רייזע.

---

נישט נאר דורך זייערע געלערנטע האבן די אידן
צוגעהאלפן די אנטדעקונג פון די נייע לענדער דורך פאר-
טוגאל, נאר אויך דורך זייער דירעקטער באטייליקונג אין
די עקספעדיציעס און א דאנק זייער קענען פיל שפראכן
און די געוואוינהייטן פון פארשידענע פעלקער האבן זיי פיל
מיטגעהאלפן די אנטדעקונג פון די נייע לענדער, בתוכם
אויך בראזיל.

אין פלאט, וועלכן עס האט קאמאנדירט פעדרא אל-
ווארעס קאבראל, איז מיטגעפארן אלס ראטגעבער דער
איד גאספאר דא גאמא און נאר א דאנק אים איז פעד-
רא אלווארעס קאבראל אנגעקומען בשלום צו די ברעגן
פון בראזיל.

גאספאר דא גאמא, דער איד, וועמען וואסקא דא
גאמא האט געפונען אין גאא, אינדיע, האט באטראטן,
צוזאמען מיט פעדרא אלוואדעס קאבראל, דעם באדן פון
בראזיל (דאן: טעררא דע סאנטא קרוז) און עס איז זיי-
ער מעגלעך, אז אין קעגנזאץ צום פארטוגעזישן מאנארך,
וואס האט זיך געיאגט נאך די רייכטימער פון אזיע, האט
גאספאר דא גאמא תיכף פארשטאנען דעם ווערט פון ניי-
אנטדעקטן לאנד פאר זיינע ברידער, די פארפאלגטע
און רעכטלאזע אידן אין פארטוגאל, און אין דער צייט
וועז פארטוגאל האט געדענקט צו שאפן אין בראזיל

בלויז א באזע פאר די שיפן פון אינדיע, האבן א גרוי־
סע אידן, מיט פערנאנדא דע נאראניא אין דער שפיץ,
געמאכט די ערשטע פארבערייטונגען צו ארענדירן דאס
נייע־אנטדעקטע לאנד ביים קיניג פון פארטוגאל. (4)

---

4) Capistrano de Abreu, "Nota á 3.ª Edição da "Historia do Brasil" de Varnhagem".

## גאספאר דא גאמא,

דער איד, וואס האט אנטיילגענומען
אין דער אנטדעקונג פון בראזיל.

אלס אנטדעקער פון בראזיל איז אין דער פארטוגע־זיש־בראזיליאנער געשיכטע פארעכנט פעדרא אלווארעס קאבראל און דער נאמען פון איד, וואס האט אים באַגלייט אין זיין רייזע, גאספאר דא גאמא, ווערט כמעט ווי ניט דערמאנט, אין דער צייט ווען זיין ראל אין דער אנטדעקונג פון בראזיל, איז געווען פון גרויס וויכטיקייט און איז זייער ווייט ניט אפגעשאצט געווארן, אפשר טאקע נאר דערפאר, וואס ער איז געווען א איד.

דער אנטייל פון פארטוגעזישע אידן בכלל אין דער אנטדעקונג פון די נייע לענדער, בתוכם בראזיל, איז געווען זייער גרויס און זיי האבן מיר אפגעגעבן דאס געהעריקע פלאץ אין אונזער ארבעט, נאר אויב יענע וויסנשאפטס־לייט האבן געשאפן די וויסנשאפטלעכע אינסטרומענטן, וואס זענען נויטיק אויף א ים רייזע, האט גאספאר דא גאמא, ווי געפירט מיט די אייגענע הענט דעם פלאט פון פעדרא אלווארעס קאבראל צו די אומבאקאנ־טע ברעגן, — צום היינטיקן לאנד בראזיל.

ווער איז געווען
גאספאר דא גאמא?

דעם איד גאספאר דא גאמא, האט געבראכט קיין פארטוגאל וואסקא דא גאמא, פון זיין רייזע אין אינדיע און ער האט עס אים טאקע געגעבן זיין פאמיליענאמען, גאמא.

זייער צוזאמענטרעפן זיך איז פארגעקומען אויף פאלגענדן אופן: „ווען וואסקא איז צוריקגעפארן פון זיין רייזע קיין אינדיע, איז ער דעם 25-טן סעפטעמבער, 1498 אנגעקומען צום אינזל אנשעדיווא, פונוואנען עס האט זיך געפונען צוועלף לעגוואס ווייט די שטאט גאא און ווען וואסקא דא גאמא האט גערייניקט זיין שיף, „סאן גאבריעל“, איז געקומען א מענטש, וואס האט געלעבט אויף די ערד פון א מאורא, מיטן נאמען סאבאיא, באלעבאס פון אינזל און שטאט גאא, האט אים, ווי אלע אנדערע קאפיטאנען, ארומגענומען און דערציילט, אז ער איז א קריסט, ווייל מ׳האט אים געבראכט אלס קינד אין יענער געגנט. וואסקא דא גאמא האט אין אים באלד דערקענט א מענטש פון דעם הערשער סאבאיא, האט ער אים גע-

הייסן בינדן און פארהאלטן, האט דער מאן זיך מודה געווען, אז ער איז ניט קיין קריסט, נאר אז ער איז א איד, געבוירן אין פוילן, און האט דערקלערט, אז אין די טייכן ביי די ברעגעס, זענען פאראן שיפן, וואס װאר־טן ס׳זאלן זיך צונויפקלויבן 40 שיפן און דאן וועלן זיי צוזאמען אנפאלן אויפן פלאטי״. (5)

אויפן צווייטן טאג, מורא האבנדיק פארן פלאט פון הערשער סאבאיא, איז וואסקא דא גאמא צוריקגעשווי־מען קיין פארטוגאל, מיטנעמענדיק מיט זיך דעם איד, ווייל „ער האט געהאט גרויס דערפארונג און האט זייער גוט געקענט די ענינים פון אינדיע״. אין פארטוגאל האט וואסקא דא גאמא אים א נאמען געגעבן גאספאר דא גאמא, מען פלעגט אים אויך רופן „גאספאר דאס אינ־דיאס,״ ווייל ער האט אויסערגעוויינלעך גוט געקענט דאס לעבן און שפראכן פון אינדיע.

גאספאר דא גאמא האט פיל מאל גערעדט מיטן קיניג, דאן מאנועל, וואס האט אים ליב געהאט הערן דערציילן וועגן לעבן אין אינדיע. דער קיניג האט אים געשאנקען פיל מתנות און אים זייער געשעצט פאר זיין הילף, וואס ער האט געגעבן וו. דא גאמאן און פארשידענע אנדערע אלמיראנטן פון פארטוגעזישן פלאט מיט זיינע קענטנישן.

אין יאר 1500, ווען פעדרא אלווארעס קאבראל האט זיך געגרייט אויף זיין רייזע, האט ער מיטגענומען גאס־פאר דא גאמא, „ניט ווי אן איבערזעצער, ווייל ער האט

5) Gaspar Corrêa, "Lendas da India" באנד I, 1־טע טייל, ז. 149

געקענט פיל שפראכן, נאר ווי אן עצה געבער, ווייל ער האט זייער גוט געקענט די לענדער און מענטשן פון אינדיע". (6)

אויב פעדרא אלווארעס קאבראל האט געקערעווע זיין פלאט אזוי, אז ער האט דערגרייכט די ברעגעם פון נייעם לאנד בראזיל, האט ער דאס צו פארדאנקען דעם איד, גאספאר דא גאמא, וואס האט געוואוסט גוט די וועגן קיין אינדיע און אפריקע און הפנים אז ער האט אויך עפעס געוואוסט וועגן דער עקזיסטענץ פון א קאנטינענט אויפן קעגנגעזעצטן ברעג. קערעווענדיק אלזא דעם פלאט אויף רעכטס, זענען זיי געקומען צום נייעם לאנד, וועלכן זיי האבן אנגערופן: טעררא דע סאנטא קרוז.

אנגעשטעקט מיט דער גייציקייט נאך גאלד און אנדערע רייכטימער, וואס זענען געווען לרוב אין אינדיע און נאך וועלכן ס׳האבן זיך געיאגט די פארטוגעזן, האט אויך גאספאר דא גאמא, פונקט ווי די פארטוגעזן, ניט געלעגט קיין גרויס אכט אויף דעם נייע אנטדעקטן לאנד, ער האט אבער פארשטאנען די באדייטונג פון אט דעם לאנד פאר זיינע ברידער, די פארפאלגטע אידן, גראד דערפאר, וואס פארטוגאל האט ניט קיין גרויסן אינטערעס אין דעם לאנד און ער האט צוריקומענדיק קיין פארטוגאל וועגן דעם איבערגעגעבן דעם דאמאלסטיקן אידישן מנהיג און גרויסן סוחר, פערנאנדא דא נאראניא, וועלכער האט טאקע שפעטער ארענדירט פון דער רעגירונג דאס נייע אנטדעקטע לאנד.

---

6) Gaspar Corrêa, "Lendas da India", באנד I, 1-טע טייל, ז. 192

פאר גאספאר דא גאמא גופא, דעם וואנדערער-וואואנטוריסט, האט דאס נייע לאנד, ניט געהאט קיין שום צוציאונגס קראפט און שוין טרעפן מיר אים מיטמאכנ-דיק אנדערע רייזעס און פירנדיק די שלום פארהאנדלונ-גען מיטן שייך פון מאסאמביקע און פון מעלינדא, ער באַ-גלייט אויך דעם געשעפטס פירער, איירעס קאררעא, אין קאלקוטא און היט אויס ניט איין מאל דעם פארטוגעזישן פלאט באפאלן צו ווערן פון די דארטיקע איינוואוינער, פירנדיק דעם פלאט דורך אומבאקאנטע טייכן. ער פאר-קליידט זיך אויך ווי א מאורא, גייט אריין אין די מע-טשעטן און ווייסט שטענדיק פריער די פלענער פון די-דארטיקע הערשער וועגן באפאלן דעם פארטוגעזישן פלאט, וועלכער ראטעוועט זיך שטענדיק אין צייט בלויז א דאנק זיינע ידיעות און אנווייזונגען.

מיר האבן שוין אויבן דערמאנט, אז דער קיניג דאן מאנועל האט זייער ליב געהאט דעם איד גאספאר דא גאמא, אבער אויך אלע אנדערע מקורבים ביים קיניג האַ-בן אים ליב געהאט, ווארשיינלעך דערפאר, וואס ער האט ניט געהאט קיין אמביציעס צו קומען צו דער מאכט און ניט געפירט קיין אינטריגעס, ווי אלע אנדערע הויפסלייט. ווען דאן פראנסיסקא דע אלמעידא ווערט אין 1505 באשטימט אלס ערשטער גאווערנאדאר — וויצע קעניג פון אינדיע, נעמט ער מיט דעם איד, גאספאר דא גאמא, וועמען ער שעצט זייער פאר זיינע גרויסע קענט-נישן, און אלס צייכן פון פריינטשאפט רופט ער אים אן אויף זיין נאמען, גאספאר ד׳אלעמעידא. לויט דער אנווייזונג פון איד גאספאר (דא גאמא) ד׳אלמעידא

בויט דער וויצע קיניג אויפן אינזל אנשידעווא א פעס-טונג, וועלכע קאנטראלירט די באוועגונג אויפן ים ברעג גאא, אינדיע.

אויף וויפיל גאספאר איז געקומען אין בארירונג מיט אידן אין זיינע רייזעס, איז צו זען דערפון, וואס אין קאשים (אינדיע) האט „דערגרייכט א ידיעה צו דער מאכט, אז פראנסיסקא, דער זון פון ריכטער, דר. מארטין פינעירא, האט געבראכט העברעישע ביכער (תנ״ך) און פארקויפט זיי צווישן די אידן אין אינדיע. דערביי איז באוואוסט געווארן, אז די פרוי פון גאספאר (דא גאמא) ד׳אלמעידא, האט עס אויפמערקזאם געמאכט דעם ריכטער, דר. מארטין פינעירא, וועמענס זון, פראנסיסקא, האט געדארפט קומען פון אויסלאנד, ער זאל אים הייסן ברענגען העברעישע ביכער (תנ״ך) אויף צו לייענען אין די סינאגאגעס און די רבנים זאלן קענען אפריכטן די תפילות״.

„ווען די ידיעה איז אנגעקומען צו דער מאכט זע-נען פיל ביכער שוין געווען פארקויפט צו די דארטיקע אידן״. (7)

זיכער האט גאספאר דא גאמא געוואוסט וועגן מסחר מיט די תנך-ספרים, נאר זיין פאזיציע אין די אפיציעלע קרייזן האט אים ניט דערלויבט צו נעמען אנטייל אין אזעלכע מסחרים און דערפאר איז דערביי בלויז דערמאנט דער נאמען פון זיין פרוי, וועלכע איז געוועז א טאכטער פון א פאמיליע פון ניי-קריסטן אין א קענערן פון העברעיש און תנ״ך.

---

7) S. Leite Fo., “Os Judeus no Brasil” 27 .ז

פונקט ווי מען ווייסט נים גענוי, וואו גאספאר איז געבוירן געווארן, (לויט טייל דאטן, זאל ער שטאמען פון פויזן, פוילן) אזוי איז נים באוואוסט גענוי, וואו און ווען ער איז געשטארבן.

פון די אלע מתנות, וואס ער האט באקומען פון קיניג און זיינע מקורבים און פון דער אכטונג, וואס מען האט געהאט צו אים, איז צו זען, אז ער האט פאקטיש זייער פיל געהאלפן פארטוגאל אין די אנטדעקונגס רייזעס און האט זיי געראטע ווען נים פון איין דורכפאל און קאטאסטראפע אויף זייערע רייזעס אין די ווייטע לענדער.

גאספאר דא גאמא איז אויך געווען אן איבערגע-געבענער פריינט די אידן און זיי פיל מיטגעהאלפן אין יעדן ארט, וואו ער איז געקומען און מיט וואס ער האט נאר געקאנט.

---

פארטוגאל האט ניט געהאט קיין גרויסן אינטערעס אין ניי אנטדעקטן לאנד, טעררא דע סאנטא קרוז, האט דערפאר דער קיניג אנגענומען דעם פארשלאג פון די ניי-קריסטן (אידן), וועלכע האבן אונטער דער אנפירונג פון פערנאנדא דע נאראניא געוואלט ארענדירן דאס נייע לאנד, וואס וועט אזויערנאך „באפעלקערט ווערן אן שום קאסטן פארן מלוכה אוצר".

די הויפט פונקטן פון קאנטראקט זענען גע-ווען פאלגענדע: די אידן דארפן שיקן אלע יאר זעקס שיפן קיין בראזיל, אנטדעקן יעדעס יאר ווייטערדיקע דריי הונ-דערט לעגואס לאנד, אויפבויען א פעסטונג אין דער אנט-דעקטער טעריטאריע און אויסהאלטן די פעסטונג אין משך פון דריי יאר צייט. דעם קעניג האבן זיי געדארפט צאלן: דאס ערשטע יאר — גארנישט, דאס צווייטע יאר — א זעקסטל פון זייער סחורה, וואס זיי ברענגען אין דער מעטראפאל, און דאס דריטע יאר — א דריטל פון זייערע סחורות.

אויספירנדיק דעם קאנטראקט, האבן די אידן ארויס־געשיקט קיין בראזיל אין מאי, 1503 זעקס שיפן אונטער דער קאמאנדע פון פערנאנדא דע נאראניא (8). דעם 24-טן יוני 1503 זיינען די שיפן אנגעקומען צו אן אינזל נישט ווייט פון די ברעגן פון בראזיל, וואס איז נאך נישט גע־ווען פארצייכנט אויף דער מאפע. זיי האבן דאס אינזל אנגערופן סאן זשואן. שפעטער איז דער נאמען פון אינזל געענדערט געווארן אויפן נאמען פון אנטדעקער — פער־נאנדא דע נאראניא. (9)

די זעקס שיפן האבן איבערגעלאזט אין בראזיל די ערשטע אידן, וואס האבן געדארפט צונויפנעמען סחורות אויף אנצולאדן די שיפן, וואס זענען געקומען אין א באַ־שטימטער צייט ארום. זיי האבן עס אנגעהויבן באפעלקערן דאס לאנד און זיי זענען אויך געווען די היטער פון דער פעסטונג, וואס איז אויסגעבויט געווארן. אזוי ער־נאך האבן די אידן געקענט דערפילן זייער קאנטראקט פון ארענדירן בראזיל (דאס דאמאלסטיקע סאנטא קרוז) ביי דער פארטוגעזישער רעגירונג.

נאכן ענדיקן די צייט פון ערשטן קאנטראקט, האט די רעגירונג דעם קאנטראקט באנייט מיט פערנאנדא דע נאראניא אויף נאך 10 יאר, לויט וועלכן די אידן האבן געדארפט איינצאלן דעם מלוכה אוצר פיר טויזנט דוקאטן יערלעך און די רעגירונג האט זיך פארפליכטעט פון

8.) Varnhagem, "Notas no Diario do Pero Lopes de Souza" 70 .ז

9) לויטן בריוו פון 24-טן יאנואר, 1504 האט דאן מאנועל געשאנקען דאס אנטדעקטע אינזל צו פערנאנדא דע נאראניא, וואס עס האט שפעטער אויך באשטעטיקט דאן זשואן דער 3-טער, דעם 3-טן מארץ, 1522.

הײנט און װײטער נישט צו דערלױבן דעם האנדל פון „פאו בראזיל" (אזא סארט האלץ, װאס מען האט גענוצט צו פארשידענע כעמישע פארבן און פון װעלכן עס שטאמט דער שפעטערדיקער נאמען פון לאנד — בראזיל) מיט אינדיע.

פערנאנדא דע נאראניא, װאס איז געװען דער אנפירער פון דער גאנצער אונטערנעמונג, פלעגט יעדעס יאר שיקן מענטשן און שיפן קײן בראזיל, פונװאנען ער פלעגט ארױסנעמען ביז 20 טױזנט קינטאלן „פאו בראזיל" יערלעך (10).

אין דער צײט װען דער קיניג פון פארטוגאל איז געװען פארשיכורט פון די רײכטימער פון אזיע און האט דערפאר איבערגעלאזט בראזיל אױפן בארא׳ט פון אױסלענדישע פיראטן, האבן די אידן געשיקט װיכטיקע עקספעדיציעס אין נײעם לאנד. אױף די אידן איז עס אױסגעפאלן דער כבוד צו זײן די ערשטע, װאס האבן קאלאניזירט און אנגעהױבן אנטװיקלען דאס נײע לאנד — בראזיל (11).

כדי צו אילוסטרירן, װי עס האט זיך אין פארלױף פון אײניקע יאר אנטװיקלט דאס לאנד בײ די ארענדאטארן, איז כדאי צו ברענגען פאלגענדן פאקט.

אין אנהױב 1511 האט פערנאנדא דע נאראניא געשיקט קײן בראזיל די שיף „ברעטאא" אױף צו ברענגען „פאו בראזיל", די שיף איז אנגעקומען קײן קאבא פריא

10) Capistrano de Abreu, “Nota á 3a Edição “Historia do Brasil de Varnhagem”.

11) S. Leite Fo., “Os Judeus no Brasil” 37 .ז

אין סוף מערץ און אין משך צוויי חדשים צייט האט מען געהאלטן אין איין אויפלאדן אויף דער שיף „פאו בראזיל" און אנדערע פראדוקטן.

אלע פראדוקטן, וואס מען האט געבראכט פון בראזיל, איבערהויפט אבער דאס האלץ „פאו בראזיל" איז אזוי געשטיגן, אז יעדער קינטאל, וואס האט אין ליסאבאן, נאך אלע הוצאות, געקאסט א האלבן דוקאט, האט אין פלאנדריען זיך פארקויפט פאר צוויי און א האלבן און אויך דריי דוקאטן. צוליבן גרויסן אינטערעס פארן האלץ „פאו בראזיל", זאל טאקע דער נאמען פון ניי-אנטדעקטן לאנד האבן געענדערט געווארן פון „סאנטא קרוז" אויף — בראזיל.

נאכדעם ווי בראזיל איז אנטדעקט געווארן דורך פעדרא אלווארעס קאבראל און זיין באגלייטער, דער איד גאספאר דא גאמא (גאספאר פון אינדיע), האט פארטו-גאל ניט געלעגט קיין גרויס אכט אויפן ניי אנטדעקטן לאנד, סאנטא קרוז (לאנד פון הייליקן צלם), ווייל קיין גרויסע ווערטפולע רייכטימער זענען ניט געווען אין ניי אנטדעקטן לאנד, האבן זיך די פארטוגעזן ניט זייער געאיילט צו פאראינטערעסירן דערמיט, איז דערפאר אנגעקומען אזוי לייכט דעם איד פערנאנדא דע נאראניא צו ארענדירן דאס לאנד.

עס האט אך שום צווייפל עקזיסטירט א ענגע פאר-בינדונג צווישן דער גרויסער מאסע אידן, פארפאלגטע פון דער אינקוויזיציע, און די אויבערשטע טיילן, וואס זע-נען נעשטאנען נאענט צו די קרייזן פון דער רעגירונג און כאטש די פארשידענע הויכגעשטעלטע אידישע פערזענ-לעכקייטן האבן ניט געפילט אליין דעם פחד פון דער אינקוויזיציע, האבן זיי דאך זיך ניט אפגעזונדערט פון גרויסן רוב אידן און שטענדיק געזוכט מיט אלע מעגלעכ-קייטן צו קומען צו הילף זייערע אומגליקלעכע ברידער.

עס איז לייכט צו באגרייפן, אז דער איד גאספאר דא גאמא, דער „קאוואליער פון קייזערלעכן הויף", וואס האט באגלייט פעדרא אלווארעס קאבראל אויף זיין רייזע קיין בראזיל, האט באלד באגריפן דעם גרויסן ווערט פון ניי אנטדעקטן לאנד, וואוהין אידן וועלן קענען אומגעשטערט אויסוואנדערן, אויסמיידנדיק דעם צארן פון דער אינקוויזיציע, ווייל זיי פארן דאך אין „דער קאלאניע פון זיין מאיעסטעט", עס איז דעריבער זיכער, אז גאספאר דא גאמא האט איבערגעגעבן די אידישע פירער פון יענער צייט דעם פלאן און אויסזען פון נייעם לאנד און אלס פועל יוצא דערפון האט עס פערנאנדא דע נאראניא ארענדירט דאס לאנד פון דער פארטוגעזישער רעגירונג, כדי צו קענען אריבערפירן אומגעשטערט די אידן, וואס וועלן אזויערנאך זיך קענען ראטעווען פון פארטוגאל.

לויט דער פאזיציע, וואס פערנאנדא דע נאראניא האט פארנומען אין קייזערלעכן הויף און אין עפנטלעכן לעבן פון ליסאבאן אין יענער צייט, איז אים ניט גאר שווער אנגעקומען דורכצופירן אזא טראנזאקציע.

די אידן, פערנאנדא דע נאראניא (12) און אלווארא פימענטעל (13) זענען אין די יארן 1494—1498 שוין

12) לויט אייניקע היסטאריקער, זאל זיין פאמיליענאמען גאר זיין לאראניא, דערפון דרינגען טייל, אז זיינע עלטערן האבן געשטאמט פון לאטארינגען

13) צוזאמען מיט די נעמען פון פערנאנדא דע נאראניא און אלווארא פימענטעל טרעפן מיר נאך אן פיל נעמען פון באוואוסטע אידישע געשעפטסלייט און פינאנסיסטן וועלכע האבן פארנומען אן אנגעזעען ארט אין די מלוכה קרייזן אין פארטוגאל, אזעלכע זיינען געווען צווישן אנדערע, די אידן: בארטאלאמעו מארשיאנע, א פלארענטינער, א גרויסער פינאנסיסט; בענעדיטא מארעלי; פראנסיסקא מארטינס א. אנד., מיר האלטן זיך אבער בא אונזער אנגעצייכנטער ליניע און פאראינטערעסירן זיך נאר מיט דעם, וואס האט א דירעקטן שייכות מיט די אידן אין בראזיל.

באקאנט אלס קאנטראקטירער פון דירות אין ליסאבאן, לויט ווי ס׳איז צו זען פון א ליקווידיר בריוו פון 26-טן מארץ, 1498 און צו גלייכער צייט איז פ. נ. דער „קרע-דיטאר פון דער קיניגלעכער קאסע" („קאזא דא מינא") און פירט בכלל מסחרים מיטן קיניגלעכן הויף. (14) אין זעלבן יאר (1498), פונקט דאן, ווען די שווארצע כוחות פון דער אינקוויזיציע האבן שרעקלעך געבושעוועט און אויף די שייטערהויפנס האבן אויסגעהויכט זייערע נשמות צענטליקער אידישע קדושים, האט פ. נ. באקומען די בירגערשאפט פון דער שטאט ליסאבאן מיט „אלע פרי-ווילגיעס, כבודים, פרייהייטן און גענאד, וואס עס גע-ניסן אלע בירגער פון דער שטאט" (15). דורך דעם האט זיך פאר פ. נ. פארגרעסערט די מעגלעכקייט אויסצוברייטערן זיינע האנדלס פארבינדונגען מיט אויסלאנד. גראד דאן איז אויך אנטדעקט געווארן בראזיל, האט פ. נ. אפגעדונגען דאס נייע אנטדעקטע לאנד, האבנדיק דערביי דעם הויפט ציל אריבערצופירן אהין א גרויסע צאל אידן פון פארטוגאל און זיי ראטעווען אזוי ערנאך פון די נעגל פון דער אינקוויזיציע.

פ. נ. האט שוין דאן געפירט מסחרים מיט אינדיע, וואוהין עס פלעגן קורסירן זיינע שיפן, פון וועלכע די וויכטיקסטע זענען: „נצרתי" און „טרינדאדע" און ער אר-גאניזירט די ערשטע גרופע פון זעקס שיפן קיין בראזיל, צווישן וועלכע עס געפינט זיך די שיף „ברעטאא", די קאמאנדא-שיף פון דער עקספעדיציע, אנגעפירט פון פער-נאנדא דע נאראניא זעלבסט. פארן אנקומען צו די ברעגן

14) Archivo Historico Portuguez, 254 .ז ,I בוך
15) Documento na chancleria de D. João III, 58. .ז ,4 בוך

פון בראזיל, אן ערך 66 מייל ווייט פון ברעג, טרעפט די עקספעדיציע אן אן אינזל, וואס פ. נ. רופט אן מיטן נאמען סאן זשואן, אויפן נאמען פון פרינץ זשואן, נאר דער קיניג גיט עס אפ אלם מתנה פ. נ. און רופט עס אויף זיין נאמען (16). די פריווילעגיעס גייען איבער בירושה צו זיינע יורשים און נאך אין 18-טן י״ה געניסן זיינע יורשים פון די הכנסות פון אינזל (17).

לויטן שוין דערמאנטן קיניגלעכן בריוו, האט פ. נ. געדארפט אפגעבן דעם קיניג א פערטל פון די אלע פראדוקטן, וואס ער האט ארויסבאקומען פון אינזל, אויסער מעדיצינישע און פארב ארטיקלען, וואס זענען געבליבן דאס אייגנטום פון קיניג.

ווי גרוים עס זענען געוועזן די געשעפטן פון פ. נ. מיטן קיניגלעכן הויף, איז צו זען פון דער גרויסער צאל דאקומענטן און פארשידענע חשבונות, וואס ווערן דערמאנט אין א גרויסער צאל קיניגלעכע דאקומענטן פון יענער צייט (18).

פ. נ. האט געהאט אן הערב פון ענגלישן קיניג, אין דער פארם פון א האלבע רויז, נאר אין פארטוגאל האט מען אים צום ערשט ניט דערלויבט נוצן דעם הערב, ערשט שפעטער (דעם 26-טן אויגוסט, 1506), דערלויבט אים דער קיניג, דאן מאנועל, באנוצן דעם הערב. דעם 28-טן יוני, 1524, באשטעטיקט דער קיניג דאן זשואן דער דריטער, דעם פריוִרדיקן באשלוס פון זיין פאטער וועגן הערב און אין יאר 1532 שענקט ער אים א ספע

16) קיניגלעכער בריוו פון 16-טן יאנואר, 1504

17) Documento na Chancleria de D. João III, 33 .ז ,18 .ב

18) Archivo do Torre do Tombo, "Corpo chronologico", 40 .פייל 2, נ

ציעלן חערב, דערהויבנדיק אזויערנאך פערנאנדא דע נא־ראניא צו דער הויך פון אן אדעליקן. (19)

עס איז ווייער מעגלעך, אז פ. נ. האט זיך געגוי־טיקט אין דעם הערב, כדי ער זאל קענען איבערנעמען די הייזער פון די אידן, וואס זענען אנטלאפן פון פאר־טוגאל, אדער האבן זיך געריכט אויפן צארן פון די איג־קוויזיטארן, ווייל עס גלובט זיך קוים, אז אזא גרויסער סוחר, זאל פלוצים באשליסן איינקויפן אזוי פיל הייזער אין ליסאבאן און דאס כמעט אין איין צייט, פונקט דאן, ווען דער קיניג דאן זשואן דער דריטער, האט איינגעפירט די „יעזואיטן קאמפאני" און דעם אינקוויזיציע טריבונאל אין פארטוגאל. לויט דאקומענטן אין ארכיוו פון טאררא דע טאמבא [20] האט פ. נ. איינגעקויפט זייער פיל הייזער אין ליסאבאן און רעגיסטרירט די קניה דעם 3-טן יולי, 1521. עדות זענען דערביי געווען: גאנסאלא קאעליא, דער שרייבער פון דער קאסע אין ליסאבאן און בענטא גאנסאלוועס, אויפזעער פון דער בוכפירונג. אז די קניה איז ניט געווען סתם א קויפן הייזער, באווייזט דער פאקט, וואס דער קיניג האט באשטעטיקט די קניה, ווי עס איז געווען נויטיק לויטן געזעץ, ערשט דעם 16-טן יולי, 1524.

דעם האנדל, וואס פ. נ. האט געפירט האט ער ניט באגרענעצט אויף געוויסע ארטיקלען, נאר מיט וועל־כן ארטיקל ער האט געהאנדלט, האט ער עס פארוואנדלט אין א ווערטפול ארטיקל, אזוי האט ער געהאנדלט מיט ביטערן פעפער, וואס איז באקאנט אין פארטוגעזיש

19) "Doações de D. João III", 126 .ז ,37 .ב

20) "Historia da Colonisação Portugueza no Brasil", 235 .ז ,II .ב

א. נ. „מאלאגעטא“, און דער פארטוגעזישער פעפער ווערט דער בעסטער פעפער אויף אלע מערק און ווערט באקאנט אלס „פימענטא דא רעינא“ (פעפער פון קיניג-רייך — פארטוגאל); דאס האלץ פון בראזיל („פאו ברא-זיל“) שטייגט אויפן מארק אין פלאנדריען ביז דריי דוקאטן דער קינטאל און אזוי איז אויך מיט פיל אנדערע ארטיקלען.

אויסער „פאו בראזיל“ האט פ. נ. ארויסגעפירט פון בראזיל מאראקאיאס (אזא טיפ קעץ), פאפאגאיען, מאל-פעס „טאינס“ און „סאגויס“ (קליינע מאלפעס מיט האריקע עק) און אנדערע מינים חיהלעך. דער מסחר מיט בראזיל האט זיך אזוי אנטוויקלט אין דער צייט ווען פ. נ. האט ארענדירט בראזיל, אז ער פלעגט איבערן יאר ארויספירן פון לאנד צוואנציק טויזנט קינטאל בלויז „פאו בראזיל“, אויסער אנדערע ארטיקלען, וואס די אידן פלעגן באקומען ביי די אינדיאס אין אויסטויש פאר סחורות, וואס זיי פלעגן ברענגען פון פארטוגאל.

אין דער בראזיליאניש-פארטוגעזישער געשיכטס פארשונג ווערט ניט דערמאנט וועגן דער גלויבנסאנגע-העריקייט פון פ. נ. כאטש אלע באצייכענען אים אלס „קריסטאן נאוואּ“ (ניי-קריסט), עס איז זיכער דערפאר וואס ער האט דעם דאזיקן נאמען איבערגענומען פון זיין פאטער, וועלכער איז געווען אן אנגעזעענער בירגער און איז באערדיקט געווארן אין קאנווענט א. נ. „סאן פראנ-סיסקא“ אין עווארא. פ. נ. איז אלזא געבוירן געווארן ביי עלטערן, וואס האבן געהאט אנגענומען לפנים דעם קריסט-לעכן גלויבן, ווי פיל אנדערע אידישע פאמיליעס צו יענער צייט.

ווי עס זאלן ניט זיין אומגענוגנד די ווינציקע דאקומענטן, וואס מיר האבן וועגן פ. נ., ווייסן מיר אבער פון זיינע מעשים, פון זיין איינשטעלן זיך פאר אידן, אז פ. נ. איז אן צווייפל געווען אן הייסער איד און א טרייער ארויסהעלפער זיינע פארפאלגטע ברידער. זיינע מעגלעכקייטן צו לעבן רואיק האבן אים ניט באפרידיקט און דערפאר טאקע האט ער עס ארענדירט בראזיל און דא געהאלפן איינארדנען די אומגליקלעכע, וואס האבן ניט געקענט אנטלויפן באצייטנס קיין האלאנד אדער אנדער לענדער.

אידן האבן אנגעהויבן קומען קיין בראזיל באלד נאך דער אנטדעקונג פון בראזיל דורך פעדרא אלוואַרעס קאַב-ראל און שפּעטער, ווען פערנאַנדא דע נאַראַניא האט ארענדירט דאס לאנד, זענען אלע מאל מיט די שיפן גע-קומען אידן. זיי זענען עס געווען די ערשטע, וואס זענען געקומען אין בארירונג מיט די איינגעבוירענע אינדיאַס (אינדיאַנער שבטים).

נאכדעם ווי די רעגירונג אין פּאָרטוגאל, האט זיך ארומגעזען, אז די ארענדאטארן מאכן גוטע געשעפטן, האט זי באשלאסן שיקן קיין בראזיל צוויי מאל אין יאר שיפן און „די, וואס וועלן זיך דארט באזעצן, זאל מען ארויסגעבן אלע סארטן געצייג". די שיפן האבן אבער נאר געבראכט אידן, וועלכע זיינען בריוון אהער געפארן, כדי צו קענען לעבן אלס אידן, און פארשפּטע, וועלכע מען האט פארשיקט פאר פארברעכנס. מיט זיי האט זיך עס טאקע אנגעהויבן באפעלקערן בראזיל (21).

---

21) V. Sombart, "Die Juden und das Wirtschaftsleben", 34 .ז

די אידן זענען פאר אלעמען געווען די, וואס האבן געצווינגן די אויפמערקזאמקייט פון דער פארטוגעזישער רעגירונג אויף דער וויכטיקייט פון לאנד „סאנטא קרוז" נאך אין די צייטן פון דאן מאנועל. (22)

דאן זשואן דער 3-טער, וועלנדיק פארזיכערן די פארטוגעזישע הערשאפט אין בראזיל, האט צעטיילט דאס נייע לאנד אויף 12 קאפיטאניאס (צענטערן), וועל-כע ער האט אוועקגעשענקט פארשידענע הויכגעשטעלטע פערזאנען און די נייע באלעבאטים, וועלנדיק באפעלקערן זייערע קאפיטאניאס, האבן זיי געמוזט אויך אויפנעמען אידן, גיבנדיק זיי פולע רעכטן, גלייך מיט אלע אנדערע קאלא-ניסטן, ווייל עס איז אנגעקומען שווער צו באוועגן די פאר-טוגעזישע קאלאניסטן זיי זאלן זיך באזעצן אין בראזיל אין דער צייט, ווען עס האט זיי געשמייכלט אינדיע מיט די דארטיקע לייכטע מעגלעכקייטן פון רייך ווערן. דאס גיבן די אידן די ספעציעלע פריווילעגיעס, דורך די אייגנטימער פון די „קאפיטאניאס", האט באוואויגן פיל אידישע פאמיליעס צו פארן זיך באזעצן אין בראזיל.

איינער פון די נייע באלעבאטים, דוארטע קאעליא, האט זאגאר פארקאנטראקטירט אידישע פאכלייט, וואס זאלן אויפשטעלן א „ענזשעניא" (צוקער פאבריק) אין פער-נאמבוקא און די אידן האבן עס מאקע אריבערגעפירט די צוקער אינדוסטריע פון סאן טאמע און מאדעירא (פארטו-גאל) קיין בראזיל, וואס האט געבראכט עקאנאמישן פראגרעס דאס לאנד.

---

22) S. Leite Fo., "Os Judeus no Brasil" 41 .z

ווען די נייע באַלעבאַטים פון די קאַפּיטאַניאַס זע-נען געקומען קיין בראַזיל, האָבן זיי שוין געטראָפן אין פאַרשידענע ערטער אידן, וואָס זענען אהין געקומען אין פאַרלויף פון די יאָרן, וואָס פּאָרטוגאַל האָט זיך ניט אינטערעסירט מיט בראַזיל, אַט די אידן האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף די איינגעבוירענע אינדיאַנער שבטים און דערפאַר טאַקע האָט זיך קיין בראַזיל ניט איבערגע-טראָגן דער גרויל פון דער אינקוויזיציע, ווייל ביי די אידן איז געלעגן דער גורל פון פּאָרטוגאַל און פון זיי איז גע-ווען אָפּהענגיק די מעגלעכקייט צו קענען קאָלאָניזירן דאָס נייע לאַנד.

יעדע פאַרפאָלגונג אויף אידן וואָלט לייכט אַרויסגע-רופן דעם צאָרן פון די אינדיאַנס, זייערע פריינט, און דאָס קאָלאָניזירן בראַזיל וואָלט געוואָרן אומעגלעך. די נייע באַלעבאַטים פון די קאַפּיטאַניאַס האָבן דערפון געוואוסט און האָבן דעריבער געזוכט מיט אַלע מיטלען צו געווינען די פריינטשאַפט פון די אידן (23). דאָס איז אויך די סיבה, וואָס אין בראַזיל איז באַלד פון אָנהויב ניט איינ-געפירט געוואָרן דער אינקוויזיציע טריבונאַל, כאָטש דאָ זענען שוין געווען פיל אידן.

ווען איינעם אַ איד, וואָס זאָל האָבן געקומען קיין בראַזיל נאָך אין יאָר 1497, אַלזאָ נאָך פאַר פּעדראָ אַל-וואַרעס קאַבראַל, פירט זיך אַ דיסקוסיע צווישן די בראַזיליאַנער היסטאָריע פאָרשער, דאָס איז דער איד, זשואַן ראַמאַליאַ.

23) S. Leite Fo., “Os Judeos no Brasil” 42 .ז

## זשואן ראמאליא,

דער איד, וואס האט דערמעגלעכט
די פארטוגעזער קאלאניזירן בראזיל

אין שטעטל סאן וויסענטע, וואס ליגט אויפן ברעג
ים צו דרום בראזיל, האט אמאל געלעבט א מענטש מיטן
נאמען זשואן ראמאליא, וואס א דאנק אים האבן די
פארטוגעזער זיך געקענט ארויסזעצן אויפן ברעג און
באהערשן די געגנט, ער האט עס געשלאסן שלום
צווישן די אנגעקומענע פארטוגעזער און די אינדיאס, מיט
וועלכע עס האט אנגעפירט דער „קאסיק" (עלטסטער)
טיבירויסא.

לויט ראשא פאמבא זאל ראמאליא, האבן געקומען
קיין בראזיל נאך פארן אנטדעקן בראזיל דורך די פאר-
טוגעזער, אומגעפער אין יאר 1497, ווען מען האט
ארויסגעטריבן די אידן פון פארטוגאל (24) און באזעצט
האט ער זיך צווישן די אינדיאנער שבטים, מיט וועלכע
ס'האט אנגעפירט דער מעכטיקער הערשער, טיבירויסא.
זש. ר. ווערט באלד דער פארטרויאונגס מאן פון
טיבירויסא און דער ליבלינג פון גאנצן געגנט. לויט איי-

24) J. F. da Rocha Pambo "Historia do Brasil" ב. III, ז. 63

ניקע היסטאריקער זאל זשואן ראמאליא, אלס צייכן פון פריינטשאפט, האבן געקראגן די טאכטער פון עלטסטן פון שבט פאר א פרוי און צווישן זיי האט ער זיך באזעצט, ניט קלערנדיק וועגן דעם, אז ער וועט זיך מוזן טרעפן מיט פארטוגעזער גלחים און פון אים וועט עס אפהענגיק זיין דער גורל פון דער פארטוגעזישער קאלאניזאציע און הערשאפט אין בראזיל, איבערהויפט אין דער געגנט, סאן ווּיסענטע, וואו עס עקזיסטירט היינט א גרויסע פעסטונג (איטאיפו), דערביי די פארט שטאט סאנטאס און אויף די בערג די גרויסע שטאט סאן פאולא.

---

אין יאר 1533, איז צום ים ברעג ביי סאן וויסענ-טע, צו דרום, צוגעשוואומען דער פארטוגעזישער פלאט אונטער דער אנפירונג פון מארטין אפאנסא דע סאוזא און ארויסזעצנדיק זיך אויפן ברעג, האבן זיי געגרינדעט דעם באוואוינטן פונקט, וואס זיי האבן אנגערופן סאן וויסענטע (הייליקער וויצענטע), נאר באלד האבן די אינ-דיאנער שבטים פון הינטערלאנד, מיטן קאסיק טיבירישא בראש, אנגעהויבן זיך גרייטן באפאלן די ווייסע, האט דאן זש. ר. אנטוויקלט א שטארקע פראפאגאנדע צווישן די אינדיאס און האט געווירקט אויף די עלטסטע מען זאל שליסן „אייביקן שלום" מיט די ווייסע (25). דאס האט פאק-טיש אפגעראטעוועט די איינוואוינער פון סאן וויסענטע און דערמעגלעכט די ווייטערדיקע קאלאניזירונג פון דער גאנצער געגנט.

25) S. Leite Fo., "Os Judeus no Brasil" 45 .ז

אלס צייכן פון אנערקענונג און אויך צוליב דעם ער זאל זיין זיכער מיט די אינדיאנער שבטים פון דער געגנט, האט מארטין אפאנסא באשטימט זשואן ראמאליא אלס "גווארדא מאר", שפעטער אלס „קאפיטאן מאר" (מיליטערישע טיטולן) און אלס קאמאנדאנט פון מיליטע־רישן גארניזאן פון דער געגנט (פיראטינינגא).

דער איבערגעגעבענער קאטאליק מארטין אפאנסא און אלע אנדערע שליחים פון דער קירכע, האבן גוט געוואוסט, אז זש. ר. איז א איד, און דאך האבן זיי געמוזט אים דערהויבן צו אזעלכע פאראנטווארטלעכע פאסטנס, ווייל נאר ער האט געקענט אויסהיטן פון אנפאלן מצד די אינדיא־נער שבטים (26). אזעלכע פאלן, ווען פארטוגעזישע הער־שער האבן אידן דערהויבן צו הויכע אמטן, האט מאר־טין אפאנסא געהאט אלס ביישפיל פון פאקט מיט גאס־פאר דא גאמא (27) און דעם איד הוסעפע (28), וועלכע זענען געווארן: „קאוואליער פון קייזערלעכן הויף", דער ערשטער און "עצה געבער פון גאווערנאדאר" (גובערנא־טאר) אפאנסא דע אלבוקערקע, דער צווייטער.

מארטין אפאנסא האט אויך זייער גוט געוואוסט, אז וויפיל ער זאל ניט זיין קעגן אידן וועט ער דא ניט קענען איינפירן די מעטאדן פון דער אינקוויזיציע און האט דערפאר ניט מדקדק געווען אויף זשואן ראמאליאס אידישער אפשטאמונג, ווייל פאר אים איז וויכטיקער גע־ווען דאס קאלאניזירן די געגנט און ווען זשואן ראמאליא

26) S. Leite F°., "Os Judeos no Brasil" ,44 .ז
27) Damião do Góes, "Chronica del Rei Don Manoel" ,32 .ז
28) Gaspar Corréa, "Lendas da India" 177. .ז ,II .ב

איז געווען דער איינציקער, וואס האט אים געקענט שיצן פון די אינדיאנער און העלפן, האט ער אים איבערגעגעבן די העכסטע מאכט.

זשואן ראמאליא גופא, האט קיינמאל ניט פארלייקנט זיין אידישע אפשטאמונג. כאטש עס איז אין יענער געגנט ניט געווען קיין אידישער קבוץ און ער האט געלעבט די גאנצע צייט צווישן אינדיאנער, האט ער אין פיל פאלן מאניפעסטירט זיין אידישקייט. אזוי פלעגט ער, אלס אנאלפאבעט, זיך אונטערשרייבן, ניט ווי אלע אנאלפאבעטן אין יענער צייט, מיט צלמלעך, נאר מיט אן אות, וואס איז אין דער געשיכטס פארשונג באקאנט אלס דער „כ" פון זשואן ראמאליא, נאר ווי אונז דוכט זיך איז עס גיכער א ריש, דער ערשטער אות פון זיין נאמען און אין דעם טעות — גלויבן מיר — זענען די בראזיליאנער געשיכטס פארשער אריין, ווייל דער אות איז פון רש"י כתב און ס׳איז שווער אונטערצושיידן צי עס איז א „ריש", אדער א „כאף" (29).

אז אונזער באהויפטונג קען אנגענומען ווערן אלס באזע אין דער דיסקוסיע ארום זיין פערזענלעכקייט, באווייזט דאס, וואס די אונטערשריפטן פון זש. ר. אין די אפיציעלע דאקומענטן, וואס זענען פארבליבן אין די ארכיוון פון דער צייט, ווען ער איז געווען דער פירער („גווארדא מאר" און „קאפיטאן מאר") פון געגנט, זענען ניט ענלעך איינער אויפן אנדערן און דאס ענלעכע

---

29) "Revista do Instituto Historico e Geographico de São Paulo" 268 .ז ,VII .ב

אין דער אונטערשריפט איז בלויז דער אזויגערופענער „כאָפּ" (אדער „רישי" לויט אונזער מיינונג).

דאס פירט ארויף אויפן געדאנק, אז זש. ר., אלס אנאלפאבעט, האט בלויז אונטערגעשריבן די דאקומענטן מיטן איינציקן אות, וואס ער האט געקענט, און זיין פולן נאמען, פאר און נאך דעם אות, וואס האט געדינט אלס אונטערשריפט, האט צוגעשריבן דער „עסקריוואן" (שרייבער) פון דער געמיינדע פארוואלטונג און יעדעס מאל האט געקענט אן אנדערער צושרייבן דעם פולן נאמען פון זש. ר. זיינען דערפאר די אונטערשריפטן ניט גלייך אויף די פארשידענע דאקומענטן.

לויט אליוויערא מארטינס האט זש. ר., „געקעמפט קעגן די יעזואיטן און ניט געלאזט איינפלאנצן דעם טעאָקראטישן רעזשים" (30). דער גלח באלטאזאר פערנאנדאס פון סאן ווינסענטע באקלאגט זיך אין א בריוו פון 22-טן אפריל, 1568, אז „א זון פון זש. ר. איז געקומען צולויפן צו אים פון א לעגווא (איבער 6 1/2 קילאמעטער) די ווייט און אים גערופן צום פאטער, וואס שטארבט, נאר דער קראנקער זש. ר., וואס איז שוין דאן אלט געווען איבער הונדערט יאר, „האט ניט געוואלט הערן גאטס ווארט" (31).

ראמאליא איז נאך דאן געזונט געווארן און געלעבט איבער 12 יאר.

ווענן זשואן ראמאליאס לעבן, זינט ער האט זיך צוזאמענגעטראפן מיט די גלחים-מיסיאנערן, שרייבט דער

30) Oliviera Martins, "Brasil e as colonias" ,73 .ז

31) Porto Seguro, "Noticias" ,I .ב

בראזיליאנער היסטאריקער, ראשא פאמבא (32): „די פעסט־קייט און שטאלצקייט, מיט וועלכער ער האט זיך אפגע־זאגט צו פראקטיקירן די גאטעס דינסטן לויטן קאטוילישן קולט, ניט אויפהערנדיק אין דער זעלבער צייט צו זיין טאלעראנט, מיטהעלפנדיק, אז אלע זיינע פריינט פון צווי־שן די אינדיאס זאלן זיך פארבינדן מיט די גלחים און זיי פאלגן, — דאס אלעס באווייזט, אז זש. ר. האט גע־האט וואגיקע מאטיוון, וואס האבן אים אונטערגעזאגט אזוי צו האנדלען, (ניט אנצונעמען דעם קאטוילישן גלויבן-מחבר) איבערהויפט ווען אין דערזעלבער צייט האט ער ערנסט מיטגעארבעט מיט די פארטוגעזן"...

אין דער בראזיליאנער געשיכטס ליטעראטור פאר־נעמט זשואן ראמאליא אן אנגעזען ארט. ווערק און אר־טיקלען אין די צענטליקער, זענען וועגן אים אנגעשריבן געווארן אין די לעצטע 50 יאר און עס זענען פאר־שטענדלעך אויך פאראן אזעלכע, וואס זענען ניט מסכים מיט דעם, אז זש. ר. האט דאס אלעס געטאן און איז דערביי אויך געוועזן א איד, נאר די, וואס ווילן דווקא ניט דער־לאזן דעם געדאנק, אז זש. ר. איז געוועזן א איד, ווערן אלץ ווינציקער און איצט, אויף וויפיל עס ווערט דער־מאנט דער נאמען פון איד ראמאליא, איז עס אין צו־זאמענהאנג מיט די אנדענקס טעג און ימים טובים, וואס ווערן געפייערט פון צייט צו צייט אין שייכות מיט פאר־שידענע דאטעס פון דער קאליניזירונג און באזעצונג פון פארשידענע געגנטן דורך די פארטוגעזער.

---

32) J. F. da Rocha Pombo, “Historia do Brasil“, 63 .ז, III .ב

די שטרייט פראגן וועגן זיין פערזענלעכקייט וועלן מיט דער צייט פארשוואונדן.

זשואן ראמאליא איז ניט געווען קיין פאעט און ניט קיין דיכטער, ער האט ניט איבערגעלאזט קיין ווערק, נאר זיינע ווערק זענען די אויפגעלעבטע געגנטן, וואס די פארטוגעזן האבן באהערשט און קאלאניזירט נאר א דאנק דער הילף פון איד זשואן ראמאליא און אין דער בראזיליאנער געשיכטע וואלט ער טאקע געדארפט געקרוינט זיין מיטן נאמען, וואס מיר נוצן אלס טיטול פאר דער ארבעט, — דער איד, וואס האט דערמעגלעכט די פארטוגעזן צו קאלאניזירן בראזיל.

---

# די אימיגראַציע
## פון פּאָרטוגעזישע אידן קיין בראַזיל

ווען עס איז באקאנט געווארן, אז אין בראזיל איז די אינקוויזיציע ניט בכוח אויסצושפרייטן איר מאכט, פלעגן גרופעס ניי-קריסטן (אידן) כלומרשט פארן גע-שעפטלעך קיין בראזיל און דארט פארבלייבן, אומקערנדיק זיך דארט צום אידישן גלויבן און לעבן פריי אלס אידן, נישט האבנדיק פאר די אויגן דאס געשפענסט פון דער אינקוויזיציע.

אט וואס עס שרייבט וועגן דער אוביעקטיקייט פון די אינקוויזיטארן אין בראזיל דער בראזיליאנער היסטא-ריקער זשואן ריבעירא:

„מען האט בראזיל גדארפט באפעלקערן, האט מען פארמאכט די אויגן אויפן 5-טן בוך פון די קירכלעכע פאראורדנונגען און מען האט ניט גענו-מען אין אכט דאס רעקלאמירן פון דער אינקווי-זיציע". (33)

---

33) João Ribeiro, "Història do Brasil" ,79 .ז

אזוי שרייבט זשואן ריבעירא, איינער פון די גרעס-
טע בראזיליאנער היסטאריקער. זאגאר די יעזואיטן, וואס
זענען געווען אין בראזיל, האבן רעקאמענדירט דער אינ-
קוויזיציע, ניט צו פארפאלגן די אידן און זיי גופא האבן
געראטן נישט איינארדענען קיין אינקוויזיציע טריבונאלן
אין בראזיל.

די סיבה איז געווען דאס, וואס די אידן זענען בא-
פריינדעט געווען מיט די אינדיאס און האבן געהאט מיט
זיי פריינטלעכע פארבינדונגען האבן די פארטוגעזער
פשוט מורא געהאט, אז די אינדיאס וועלן זיך איינשטע-
לן פאר זייערע פריינט, די אידן, און דאן וועט זיי או-
מעגלעך זיין, דאס ווייטערדיקע קאלאניזירן דאס לאנד.
חוץ דעם קענען זיי זייער לייכט פארוואנדלט ווערן
אין פארפאלגטע, אנשטאט פארפאלגער.

דער גלח יוסף אנקיעטא און דער ערשטער בים-
קופ אין בראזיל, פעדרא לאפעס סארדיניא, ווען זיי הא-
בן זיך קעגנגעשטעלט דעם פלאן פון איינארדענען אין
בראזיל אן אינקוויזיציע טריבונאל, איז עס געווען אויס-
שליסלעך באזירט אויף די דערמאנטע טעמים (34). אויך
אין בראזיל גופא, האבן די שליחים פון דער אינקוויזיצ-
יע, דורכגעלאזט פארשידענע זאכן און נישט באשטראפט,
די שולדיקע, ווייל „אין אזא נייע לאנד מוז מען פיל זאכן
לאזן נישט באשטראפט" (35).

די אידן פון פארטוגאל האבן דעריבער מקנא גע-

---

34) Annaes da Bibliotheca Nacional do Rio de Janeiro, Padre Joseph Anchieta, "Cartas ineditas", 71 .ז ,I .ב

35) Revista do Instituto Historico e Geographico Brasileiro, 582 .ב. XLIX, 1-טער טייל, ז

ווען זייערע ברידער אין בראזיל, וואס האבן זיך נישט געדארפט שרעקן פארן אינקוויזיציע טריבונאל און האבן געקענט פריי אפהיטן דעם אידישן גלויבן, איז דערפאר די איינוואנדערונג פון פארטוגעזישע אידן קיין בראזיל געווען זייער גרויס.

די מאכטהאבער אין פארטוגאל און זייערע משרתים, האבן אבער ניט גערוט און אויף צענדליקער אופנים זיך באמיט צו באשווערן די אידישע אויסוואנדערונג בכלל און איבערהויפט דאס לויפן אין מאסן קיין בראזיל.

דעם ערשטן פארמעלן פארבאט, גיט ארויס די רע-גירונג פון פארטוגאל דעם 30-טן יוני, 1567. אין דער פאראדענונג (אלווארא) ווערט געזאגט:

„עס ווערט פארבאטן די ניי-קריסטן ארויסצופארן פון פארטוגאל מיט זייערע באוועגלעכע פארמעגנס, אן א ספעציעלער דערלויבעניש און גאראנטיע, אז זיי וועלן זיך צוריקערן. אין קעגנפאל וועלן זיי פארלירן זייערע פאר-מעגנס, פון וועלכן א העלפט וועט אפגעגעבן ווערן דעם, וואס וועט דעם איד אנקלאגן און די צווייטע העלפט, דעם מלוכה אוצר. אויסער דעם, וועט דער שולדיקער פארשיקט ווערן אויף 5 יאר קיין בראזיל.

דער אויסוואנדערונגס פארבאט, באגלייט מיט דער שטראף פון פארשיקן קיין בראזיל, אנשטאט אפצושטעלן די אויסוואנדערונג, האט די אויסוואנדערונג נאך פארגרעסערט, ווייל די שטראף פון „פארשיקן קיין בראזיל", איז גאר קיין שטראף ניט געווען און פיל אידן זענען טאקע אזוי ערנאך געקומען און פארבליבן אין בראזיל (36).

36) S. Leite Fo., "Os Judeus no Brasil" ,47 ז.

דעם פעלער אין דערמאנטן געזעץ האט דער קיניג שפעטער (דעם 11-טן פעברואר, 1568) געענדערט אזוי, אז די שולדיקע האבן געדארפט, אנשטאט ארויסגעשיקט צו ווערן, לעבן אלס פארשיקטע אין די ערטער, פונוואנען זיי זענען ארויסגעפארן.

עס איז אויך אנגעווענדעט געווארן א געזעץ פון דאן זשואן דעם 3-טן פון 14-טן יוני, 1532, וואס האט די אידן פארבאטן צו פארקויפן אומבאוועגלעכע גיטער.

אין די אלע פארבאטן, האט מען גלייכגעשטעלט אידן און ניי-קריסטן (די אידן וואס זענען פארמעל אריבער צום קריסטנטום).

די פארבאטן האבן אבער נאר פארשווערט דאס ארויספארן פון פארטוגאל און פאר קיין פאל ניט אפגעשטעלט די אויסוואנדערונג. אזוי זענען פיל אידן, אפנארנדיק די וואך, אריבער אין די פארשידענע קאלאניעס פון יענער זייט ים, צווישן זיי אויך קיין בראזיל.

די אידישע פירער האבן זיך באמיט אין פארשידענע צייטן, אפצושאפן די פארבאטן און שאפן א רעכטלעכע לאגע פאר די אויסוואנדערער. אזא געלעגנהייט מאכט זיך זיי אין יאר 1577, ווען דער קיניג דאן סעבאסטיאן דארף האבן געלט פאר דער עקספעדיציע קיין אפריקע. די אידן צאלן דאן איין צוויי הונדערט און פינף און צוואנציק טויזנט קרוזאדאס (קרייצן, פארטוגעזישע מטבעות) און דער קיניג רופט אפ אלע פארבאטן פאר אויסוואנדערער אין א ספעציעלן דעקרעט דעם 21-טן מאי, 1577.

די אינקוויזיטארן שוויגן אבער אויך ניט און אין 1578, שטעלן זיי צו דעם קיניג א מעמאראנדום, אין וועלכן זיי באווייזן, אז דער האנדל, אינדוסטריע און לאנדווירטשאפט ליידן פיל פון דער אידישער אויסוואנדערונג. עס שטארבט דאן פונקט דער קיניג דאן סעבאסטיאן און אויף זיין ארט ווערט רעגירער פון פארטוגאל, דער קארדינאל דאן הענריקע, וועלכער שאפט באלד אפ אלע פארלייכטערונגען און פירט ווידער איין אלע פארבאטן פון דאן זשואן דעם 3-טן, וועלכע נויטן די אידן, וואס ווילן ארויספארן פון פארטוגאל, צו בעטן א ספעציעלע דערלויבעניש.

דער אידישער קבוץ אין בראזיל וואקסט אבער דאך זייער שנעל און דער אפקלאנג פון פרייען לעבן אין בראזיל דערגרייכט קיין פארטוגאל, פונוואנען עס ציען זיך אן אויפהער אידן קיין בראזיל, וואו זיי שאפן א קהלה, ארדענען איין א שיל, ברענגען אראפ פון האלאנד אלס רב דעם חכם יצחק אבוהאב דא פאנסעקא און לעבן פריי לויטן אידישן גלויבן.

ווי באשווערט עס זאל נישט האבן געווען די אויסוואנדערונג פון פארטוגאל, איז די אידן אין יענער צייט, מיט דער הילף פון געלט, געלונגען אויסצומיידן אלע פארבאטן און אריבערפארן קיין בראזיל.

עס זענען נאך פארגעקומען איניקע פרוואון צו באקומען פאר געלט געוויסע פריווילעגיעס און אפשאפן די פארבאטן פאר אידן ארויסצופארן פון פארטוגאל (37), נאר

37)ביים קיניג פיליפ דעם 3-טן האבן די אידן געפאדערט פאר איין מיליאן זעקס הונדערט טויזנט קרוזאדאס אן אמנעסטיע, וועלכע איז באשטעטיקט געווארן דורכן פויבסט קלעמענטע דער 8 טער אין א „בוללע“ פון 23-טן אויגוסט, 1604.

ווי שטענדיק, האט די רעגירונג שפעטער אפגעשאפט די פריוויליגיעס, איינזעענדיק, אז די אידן מיינען זיך בלויז ארויסצוראטעווען פון די נעגל פון דער אינקוויזיציע, וואס עס האט פארשטענדלעך אויך געשאדט די עקאנאמישע לאגע פון לאנד.

---

# דער איינפלוס

## פון דער אינקוויזיציע אין בראזיל

די אינקוויזיטארן האבן פארשטענדלעך געקוקט קרום אויף דעם אנזאמלען זיך פון אידן אין בראזיל און האבן ארויסגעשיקט גלחים מיט דער מיסיע אויסצופארשן דאס לעבן פון די אידן און אינדיאנס און זען דערמעגלעכן דאס „אנווענדן אייניקע שטראפן". די באשטראפטע פלעגט מען אפשיקן מיט די שיפס קאפיטאנען קיין פארטוגאל. אויך אן אויטא-דע-פע איז שפעטער איינגעארדנט געווארן אין סאן סאלוואדאר (באהיא), וואו עס איז דער ערשטער פארברענט געווארן (אין יאר 1573) א פראנצויז, וועלכער איז פארמשפט געווארן פאר אפיקורסות (38).

אינטערעסאנט איז דאס, וואס קיין אידן, די פריינט פון די אינדיאנס, האבן זיי זיך אין דער ערשטער צייט ניט דערלויבט צו פארברענען און זיי האבן אויסגעקליבן עפעס א פראנצויז, א פרעמדן און פארמשפט פאר אפיקור-

38) Annaes da Bibliotheca Nacional, do Rio de Janeiro „Historia de la fondacion del coll. de la Baya de todos los Santos“ ,98 .ז ,XIX .ב

סות, ווי זיי וואלטן דערמיט  װעלן פּרואוון די שטימונגען צווישן די איינגעבוירענע, צו זייער „ספּעקטאקל".

פאר די אינדיאַס איז דער אויטא-דא-פע איינגנטלעך נישט געווען קיין גרויס נייעס, עס פלעגט זיי דערמאנען אין די פייערונגען נאכן זיגן איבער אן אנדער שבט, ווען זיי פלעגן די געפאנגענע פארברענען.

די אינדיאַס האבן אבער זייער שווער באגריפן דאס פארברענען פון דעם, וואס איז פארמשפּט געווען צום טויט, נאר דערפאר, וואס ער האט געדינט א צווייטן גאט און ניט איינמאל פלעגן זיי העלפן די פארמשפּטע אנטלויפן פון תפיסה.

דער ערשטער, וואס האט זיך קעגנגעשטעלט דאס איינארדנען אן אינקוויזיציע אפּטיילונג און אויטא-דא-פע אין בראזיל, איז געווען דער ערשטער אלגעמיינער גא-ווערנאדאר פון בראזיל, טהאמע דע סאוזא (39). צו דעם, אז מען זאל אין בראזיל באלד ניט איינארדנען קיין אינקווי-זיציע טריבונאל, האט מיטגעהאלפן דער אינערלעכער קאמף צווישן אינקוויזיציע טריבונאל (סאנטא אפיסיא) און די יע-זואיטישע „קאמפּאניא דע זשעזוס", וועלכע האבן אין א געוויסער הינזיכט גענומען אונטער זייער שוץ די ניי-קריסטן. אויסער אלעמען, האט די גרויסקייט פון בראזיל נישט דערמעגלעכט מען זאל קענען איין ארט רעכענען פארן צענטר און אויב איינארדנען א אינקוויזיציע טריבונאל, וואלט מען געמוזט איינארדנען אייניקע אין פארשידענע פונקטן און דערצו איז די שטימונג צווישן דער באפעלקערונג

39) Stephens, "Historia de Portugal", traducção de Silva Bastos, 204 .ז

און דער עפנטלעכער מיינונג בכלל, געווען זייער נישט סימפּאַטיש פאַר דער איינאָרדנונג פון אַן אינקוויזיציע טריבונאַל (40).

דערווייל האָבן מאַסן נײַ-קריסטן (אידן) געהאַלטן אין איין קומען קיין בראַזיל און אומקערנדיק זיך צום אידנטום האָבן זיי אָפּגעהיט משהס גלויבן. די אינקוויזי- טאָרן האָבן ניט גערוט ביז זיי איז געלונגען אַראָפּצושיקן קיין בראַזיל דעם וויזיטאַטאָר פון דער אינקוויזיציע, העי- טאָר פורטאַדאָ, איינאָרדנען אַ צייטווייליקן טריבונאַל און אויפנעמען קלאַגעס קעגן אַלע, וואָס „זינדיקן קעגן קריס- טוסעס גלויבן" דער צייטווייליקער טריבונאַל האָט געמִשפט געוויסע שולדיקע, צווישן זיי אויך אייניקע אידן.

אויף וויפיל עס האָט צווישן דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג געהערשט אַ קעגנערשאַפט צו דער אינ- קוויזיציע, באַווייזט דער פאַקט, וואָס ווערט איבערגע- געבן אין נאָמען פון גלח יוסף אַנקיעטאַ (41), אַז אַן אינדיאַ, וואָס איז שוין געהאַט איבערגעגאַנגען צום קאַ- טוילישן גלויבן, האָט דערקלערט די גלחים, אַז אויב די אינ- קוויזיציע וועט אים פּרוּאוון באַשטראָפן, וועט ער זיך מיט זיי אָפּרעכענען מיט פיילן.

ווי ווינציק עס איז געווען דער איינפלוס פון דער אינקוויזיציע אין בראַזיל האָבן זיי דאָך שפּעטער איינגע- אָרדנט אין אויטאָ-דאַ-פע, אויף וועלכן עס זיינען אומגע- קומען, אין משך פון אַ געוויסער צייט, צווישן אַנדערע, אויך איבער 300 אידן.

---

40) Capistrano de Abreu, "Um Visitador do Santo Officio a Cidade de Salvador e do renconcavo da Bahia de Todos os Santos" ,10 .ז

41) Annaes da Bibliotheca Nacional do Rio de Janeiro, I .ב

פון פארטוגאל האבן די אידן שטענדיק געזוכט אויס-
צוואוואנדערן און א גרויסע צאל אידן האבן אויף פאר-
שידענע אופנים אויסגעוואנדערט קיין האלאנד, וואו ס'איז
אין משך פון א קורצער צייט, געשאפן געווארן א גרוי-
סע אידישע קהלה אין אמסטערדאם. אלע פארמעגלע-
כע אידן זענען געלאפן קיין האלאנד, ווייל די רייזע
קיין האלאנד, ווי דאס געבן שוחד, מען זאל קענען
ארויספארן פון פארטוגאל, איז געווען פארבונדן מיט גרוי-
סע געלט סומען און ניט יעדער איז געווען בכוח צו מא-
כן אזא גרויסע הוצאה (42). דערפאר זענען די
ווינציקער פארמעגלעכע אידן געפארן „אין די קאלאניעס
פון זיין מאיעסטעט", קיין בראזיל, וואו זיי האבן אויך
געקענט אומגעשטערט צוריק ווערן אידן (43).

42) J. F. da Rocha Pombo, "Historia do Brasil" ב. IV, ז. 756.
43) לויט די אקטן פון אינקוויזיציע פראצעס, אין וועלכן ס'האט עדות
געזאגט סאלוואדאר דאס נעוועס (אין יאר 1637), ארכיוו פון
„טארע דא טאמבא", העפט 16.

די אידן אין בראזיל, זענען דערווייל אריינגעדרונגען אין האנדל און האבן אנגעהויבן צו פירן מסחרים מיט דער אויסערלעכער וועלט, האט עס געצווינגען די אויפמערקזאמקייט פון די האלענדישע אידן, וועלכע האבן געפירט דעם האנדל מיט ווייטע לענדער אין גרויסן פארנעם און זיי האבן אויסגענוצט זייער איינפלוס אין דער „אינדיש-מערב-האלענדשער קאמפאניע" (44) כדי צו באוועגן די האלענדישע רעגירונג, צו פארנעמען טיילן פון נייעם לאנד בראזיל, וואו ס'זענען פאראן אזויפיל רייכטימער (45).

זינט די האלענדער האבן איינגענומען רעסיפע (פערנאמבוקא) איז דער צופלוס פון אידן קיין בראזיל געווארן זייער גרויס און האט דערגרייכט דעם העכסטן פונקט בעת דער הערשאפט פון האלענדישן פרינץ מאאוריסיא דע נאסאו, וועלכער איז געווען גאווערנאדאר פון רעסיפע (46).

פון פארשידענע ערטער זענען אידן געקומען קיין בראזיל (47). אין גרעסערע גרופן זענען אידן געקומען ניט נאר פון האלאנד, נאר אויך פון שפאניע און פארטוגאל. אזוי פיגורירט צווישן די געקומענע קיין בראזיל אויך

44) לויט איינקע היסטאריקער זאלן מאקע די אידן האבן געווען צווישן די איניציירער און הויפט גרינדער פון דער „אינדיש-מערב-האלענדישער קאמפאניע" אין האלאנד.

45) S. Leite Fo.,"Os Judeus no Brasil", 47 .ז

46) פרינץ מאאוריסיא דע נאסאו, האט איבערגענומען דעם אמט פון גאווערנאדאר אין רעסיפע אין יאר 1635.

47) אין יאר 1642 איז פון האלאנד אפגעפארן קיין בראזיל א גרופע אידן מיטן רב, חכם יצחק אבוהאב דא פאנסעקא און העברעישן לערער, משה רפאל דע אגילאר.

א גרופע פון 150 אידן פון מאטיללא (שפאניע), וועלכע זענען געקומען אונטער דער אנפירונג פון פאעט, מיגועל דע באררא און זיין פרוי דבורה הואעז. וועגן אנדערע גרעסערע גרופעס, וואס זאלן האבן געקומען קיין בראזיל פון שפאניע, אדער פארטוגאל איז ניט באקאנט. עס איז זיכער דערפאר, וואס די אידן אין שפאניע און פארטוגאל זענען געווען אנגעשראקן דורך דער באוועגונג, וואס איז דארט אנגעפירט געווארן, (איבערהויפט אין פארטוגאל) אויף צו באפרייען בראזיל פון די הענט פון די „אום-גלויביקע" און „אפיקורסים" (האלענדער און אידן) און אין שרעק פאר דער אינקוויזיציע האבן זיי מורא געהאט, אז זיי וועלן דארט ווידער ארייגפאלן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע, אדער די וואס זיינען געקומען קיין בראזיל האבן אויסגעוואנדערט אין געהיים און ניט איבערגעלאזט קיין שפור וועגן זייער וואנדערן.

עס זענען אויך געקומען א סך אידן אין האלענדי-שן מיליטער און אויך צווישן די פארשידענע באאמטע האבן זיך געפונען פיל אידן (48).

אין דערמאנטן טאג בוך פון וואן דע בראעק ווערן אויך דערמאנט פיל אידן אין האלענדישן מיליטער און צווישן די באאמטע.

---

48) Diario de Matheus Van de Broeck, Bibliotheca Nacional Rio de Janeiro.

ווי מיר האבן שוין אין א פריערדיק קאפיטל געשריבן, זענען די אידן, אונטער דער אנפירונג פון פערנאנדא דע נאראניא, געווען די, וואס האבן די ערשטע אנגעהויבן קאלאניזירן און קולטיווירן פארשידענע פראדוקטן און בראזיל.

בעת פערנאנדא דע נאראניא האט ארענדירט דאס ערשטע מאל בראזיל אויף דריי יאר און שפעטער, ווען דער קאנטראקט איז נאך אמאל באנייט געווארן, פלעגן די אידן ארויסשיקן פון בראזיל יערלעך צענדליקער שיפן מיט האלץ פון די אור-וועלדער, וואס מען האט גערופן „פאו בראזיל" און דערפון זאל זיך טאקע נעמען דער נאמען פון לאנד — בראזיל.

צוואנציק טויזנט קינטאל האלץ, האבן די אידן ארויסגעשיקט יערלעך פון בראזיל און צוליב דעם האבן זיי געמוזט באזוכן די ווייטסטע געגנטן פון לאנד און מיט זייערע שיפן זענען זיי אומגעפארן אויף אומבאקאנטע וואסערן.

לויט זשאימע קארטעזאן, זענען „די אידן געווען די עדות און הויפט מיטהעלפער פון פארטוגאלס באהערשן די ווילדערנישן, וואו עס האט אויפגעלעבט דאס נייע פאלק — בראזיל“ (49).

שפעטער, נאכן ענדיקן זיך פון קאנטראקט מיט פערנאנדא דע נאראניא, ווען דאס לאנד איז צעטיילט געווארן צו די פארשידענע באלעבאטים, „דאנאטאריאס“, (יעדע געגנט האט געהייסן קאפיטאניא) און די נייע באלעבאטים, וועלנדיק באפעלקערן זייערע לענדערייען, האבן זיי געגעבן ספעציעלע פריווילעגיעס די קאלאניסטן, וואס האבן זיך באזעצט אויף ערד.

צוזאמען מיט די פארשיקטע, זענען געקומען אויך פיל אידן און די באלעבאטים האבן קיין שום אכט ניט געלעגט אויף זייער אידישקייט, געבנדיק זיי די זעלבע רעכט, וואס אלע אנדערע קאלאניסטן.

אין דער לאנדווירטשאפט האבן באלד די אידן אנגעהויבן שפילן און אנגעזעענע ראל.

די ערשטע פלאנצונג, וואס די אידן האבן איבערגענומען פון די אינדיאס און פארשפרייט איבערן גאנצן לאנד, איז געווען מאנדיאקא. שפעטער האבן די אידן אריבערגעבראכט פון מאדעירא און סאן טאמע דעם צוקער שטעקן (צוקער ראר) און האבן געשאפן די צוקער אינדוסטריע, וועלכע איז געווען די איינציק וויכטיקסטע אין בראזיל ביזן סוף פון 19-טן יארהונדערט. אין סוף פון 16-טן י״ה זענען אין בראזיל שוין געווען

49) Jayme Cortezão, "A Expedição de Pe lro Alvares Cabral e o descobrimento do Brasil, 206 .ז

איבער צוויי הונדערט צוקער פאבריקן, וועלכע האבן פראדוצירט איבער דריי מיליאן ארראבאס (אן ארראבא איז 15 קילא) צוקער יערלעך (50).

די אידן האבן אויך איינגעפירט דאס פלאנצן טא-באק, רייז און אלגאדאן (בוימוואל-וואטע).

די צוקער אינדוסטריע, ווי די לאנדווירטשאפט בכלל, האט זיך געהאלטן אין איין אנטוויקלען און האט דערגרייכט דעם העכסטן פונקט אין דער צייט פון דער האלענדישער הערשאפט אין בראזיל, ציענדיק זיך ביזן סוף פון 17-טן יארהונדערט. ווען די האלענדער האבן געמוזט פארלאזן בראזיל און די אינקוויזיציע האט אנגע-הויבן פארפאלגן די אידן. אין דער ערשטער העלפט פון 18-טן י״ה זענען א סך פלאנטאציעס צעשטערט געווארן, עס איז געשעדיקט געווארן די אינדוסטריע און עס האט אנגעהויבן אונטערגיין דער האנדל אין כמעט אלע קאפיטאניאס.

שפעטער, ווען די אינקוויזיציע פארפאלגונגען האבן אביסל אויפגעהערט, זענען די נייע-קריסטן (אידן, וואס זענען פארבליבן אין בראזיל) ווידער געוואן די הויפט אנפירער מיט דער צוקער אינדוסטריע או האבן דאן אויך אנגע-הויבן אנטוויקלען א ריי אנדערע אינדוסטריעס און דעם האנדל מיט טייערע שטיינער.

אויך אין מסחר זענען די אידן געוועזן די ערשטע, וואס האבן געשאפן דעם קונה, דעם אפנעמער פון די פראדוקטן, וואס זענען ארייגעבראכט געווארן אין לאנד.

---

50) J. F. da Rocha Pombo, "Historia do Brasil", 756 ז., III .ב

צום ערשט האט ניט עקזיסטירט קיין אנדער האנ-
דל ווי דער טויש-מסחר. די אידן פלעגן דאן ברענגען פון
פארטוגאל: מאנופאקטור, קעמלעך, שפיגלען, מעסערס,
לאנדווירטשאפטלעכע כלים, שפילקעס, נאדלען און אנדע-
רע ארטיקלען און אויסטוישן דאס אלעס אויף פארשי-
דענע זאכן, וואס די אינדיאס פלעגן האבן, ווי: פעדערן,
פאפאגאיעס, מאלפעס און איבערהויפט פלעגן די שיפן
זיין געלאדן מיטן באוואוסטן האלץ "פאו בראזיל", וואס
איז אין אייראפע פארקויפט געווארן פאר צוויי און א
האלבן און דריי דוקאטן א קנטאל.

אין יענער צייט, האט דער קעניג דאן זשואן דער
4-טער, צוגעהערט זיך צו דער עצה פון גלח אנטאניא
וויעירא און געשאפן די אלגעמיינע האנדלס קאמפאניע,
וועלכע איז געווען די פריווילעגירטע געזעלשאפט צו פירן דעם
האנדל צווישן פארטוגאל און די אלע קאפיטאניאס איבערן
לאנד. די אידן וואס האבן אין דער געזעלשאפט געהאט
א גרויסע צאל אקציעס, האבן זייער ווייט אויסגעשפרייט
דעם האנדל און ווען האלאנד איז אוועק פון בראזיל, איז
דער האנדל געפירט געווארן אויך אין האלענדישן בראזיל,
דורך די אידן (נײַ קריסטן), וואס זיינען פארבליבן אין
בראזיל, אנגעבנדיק זיך אלס כשרע קריסטן און דורך די
פארטוגעזישע אידן (נײַ קריסטן). דער האנדל האט דאן
שטארק אויפגעבליט, איבערהויפט נאכן אנטדעקן די
דימענטן מינעס אין בראזיל.

פארשטענדלעך, אז די אינקוויזיציע האט עס ניט
געקענט צוזען און איבערהויפט האט איר געלאקט די אי-
דישע רייכקייט, וועלכע זי האט דאך געקאנט זייער לייכט

צונעמען פאר זיך. דאן האט טאקע די אינקוויזיציע אנגעהויבן די פארפאלגונגען אויף אידן אין בראזיל (אנ-הויב 18-טן י״ה), וואס האט געבראכט גרויס שאדן דעם האנדל מיט דער מעטראפאל, כאטש עס איז ניט דערלויבט געווארן צו קאנפיסקירן קיין צוקער פאבריקן (ענזשעניאס) און אנדערע פאבריקן, וואס האבן געהערט צו אידן.

די ווידעראויפלעבונג פון האנדל און אינדוסטריע איז פארגעקומען ערשט אין סוף פון 18-טן יארהונדערט, ווען מארקעז דע פאמבאל האט איינגעפירט א גאנצע ריי רע-פארמען, וועלכע האבן אפגעשאפט דעם אונטערשיד פון איד און קריסט. שפעטער (דעם 28-טן יאנואר, 1808) האט דער קעניג דאן זשואן דער 6-טער, לויט א ספעציעלן דעקרעט, ארויסגעגעבן אין באהיא (דע טאדאס אס סאנ-טאס—באהיא פון אלע הייליקע), דערלויבט דעם פרייען אריינ-פאר קיין בראזיל. דאס האט מיטגעהאלפן די אידן זאלן אנטוויקלען אין בראזיל דעם האנדל און די אינדוסטריע.

אויך די דערפינדונג פון „געשארפט אייזן״, וואס איז באקאנט אונטערן נאמען „פלאנדרען בלעטער״, איז די ארבעט פון א בראזיליאנער איד, אן ארעמען שמיד פון מינאס גאוואס (51).

אויסער דער וויכטיקער ראל פון אידן אין דער עקא-נאמישער אנטוויקלונג פון בראזיל, וועגן וועלכע מיר האבן שוין דערמאנט אין דעם קאפיטל זענען נאך זיכער פאראן פארשידענע עקאנאמישע טעטיקייטן, דורך וועלכע פיל

---

51) Nelson da Senna, Discurso na Camara dos Deputados em 1 de Setembro, 1922, “Annaes da Camara dos Deputados”, 1922, 28 .ז

אידן האבן מיטגעהאלפן אויף פארשידענע אופנים דער עקאנאמישער אנטוויקלונג פון בראזיל, נאר צוליב דער מורא פאר דער אינקוויזיציע, האבן פיל ניט איבער געלאזט קיין אנדייט, אז זיי זענען געווען אידן און אפטמאל זענען זייערע נעמען אויך שווער צו דערקענען אלס אידישע, אזוי קען מען מיט זיכערקייט באהויפטן, אז די צאל אידן, וואס האבן אויף פארשידענע אופנים מיטגעהאלפן די עקאנאמישע אנטוויקלונג פון בראזיל, איז פיל גרעסער ווי אונז איז געלונגען אין אונזער ארבעט צו פארצייכענען.

---

כדי צו שאפן זיך א שטיקל באגריף פון די אידישע באשעפטיקונגען אין יענער צייט, וועלן מיר דא ציטירן איינינקע פערזן פון א פאלקס ליד, וואס רעדט דירעקט וועגן אידן:

... דעם איד, דעם וויינער, די חיה — דעם שפאניער,
דער איינגעדרייט ווי א קרייזל, איינאוויגיק — יענער,
אומדרייען זיך אויפגערעגט צווישן פאלק,
האב איך געזען...

דער ערשטער, דער איד, געווען א פארעטער,
איז א הערשער — היינט צו טאג.
נישט לאנג צוריק, געווען א פארקויפער
פון קוילן, האלץ און קאקאס-נים...

— — — —

ס׳איז געווען ס׳ערשטע מאל, ווען ס׳פאלק צופוס,
האט זיך געצוינן צו דער אידן-גאס.

דאס ליד איז א פאלקס-ליד (52), וואס איז געשאפן געווארן אין שייכות מיטן פאלקס יום טוב, וואס דער פרינץ נאסאו האט איינגעארדנט לכבוד דעם דערעפנען די בריק פון פערנאמבוקא קיין מאאוריסיא-שטאט (הייַנט רעסיפע), וואס דער פרינץ האט געבויט.

וועגן איינעם א איד, פעליפע, דערציילט זיך אין א צווייט פאלקס ליד, אז ער איז געווען דער אויפמאנער פון אפצאל פארן דורכגיין די בריק קיין מאאוריסיא-שטאט.

לויט פאולא סעטובאל, זענען „די איינוואוינער פון מאאוריסיא-שטאט געווען האלענדער און אידן". (53).

לויט די ציטירטע פערזן, איז צו זען, אז די אידן האבן זיך באשעפטיקט מיט האנדל און אפילו דער מסחר פון קוילן, האלץ און קאקאס ניס, איז געווען א אידישער מסחר. עס איז צו גלויבן, אז אידן זענען געווארן רייך, אדער עס זענען אויך צוגעקומען ספעציעל רייכע אידן אין פערנאמבוקא, ווייל שוין בא ראשא פאמבא (54) געפינען מיר די פעסטשטעלונג, אז אידן האבן געפירט גרויסע מסחרים, נישט נאר אין פערנאמבוקא, נאר אויך אין אנדערע נארד פראווינצן, וואס זענען ניט געווען אונטערגעווארפן האלאנד.

אז אידן זענען געווען אמייסטן באשעפטיקט מיט האנדל, איז אויך צו זען פון דעם, וואס „די אידן-גאס איז געווען כמעט פון בלויז קראמען, וואו פאר די טירן

52) ציטירט לויט וויריאטא קארערא, איבערזעצט פון מחבר.

53) Paulo Setubal, "Principe de Nassau", 11 .ז

54) J. F. da Rocha Pambo, "Histria do Brasil", IV .ב

שטייען די אידן און באגריסן דעם פרינץ, וואס פארט דורך אויף זיין שפאציר" (55). עס זענען אבער אויך באקאנט אידן, וואס האבן פארמאגט פארשידענע אינדוסטריעס, מייסטן צוקער פאבריקן (ענזשעניאס). אזא פאבריק האבן געהאט די אידן אברהם און יצחק פערעירא. עס איז אויך באקאנט א איד, פערנאן דא וואללע, אייגנטימער פון א גוט. עס איז זיכער, אז פיל אידן האבן געהאט צוקער פאבריקן, ווייל די אלע פארלאזטע „ענזשעניאס", וואס די פארטוגעזן האבן פארלאזט, אנטלויפנדיק פון פערנאמבוקא, איידער די האלענדער זענען אהין אריין, האט די האלענדישע רעגירונג קאנפיסקירט און פארקויפט אין עפנטלעכע אויספארקויפן, אזוי אז פיל אידן האבן פארשטענדלעך אויסגענוצט די געלעגנהייט און זיך איינגעשאפט די הכנסה ברענגענדיקע צוקער ענזשעניאס פאר א ביליקן פרייז.

אויסער די שפעטער געקומענע אידן פון האלאנד און אנדערע ערטער, זענען די אידן פון פארטוגאל, וואס האבן די ערשטע באפעלקערט בראזיל, אריינגעדרונגען אין די ווייטסטע געגנטן אין לאנד און צוזאמען מיט די אינדיאס, וועלכע זיי האבן באשעפטיקט, האבן זיי עקספלאאטירט פארשידענע פראדוקטן און כמעט נאר זיי האבן דערמיט געהאנדלט (56). זייערע באשעפטיקונגען האבן זיי אויפגעגעבן אויך ווען די האלענדער זענען אריינגעדרונגען אין לאנד. זיי האבן דאן פארקערט, נאך גע-

55) Paulo Setubal, „Principe de Nassau".

56) Jayme Cortezão,, "A Expedição de Pedro Alvares Cabral e o descobrimento do Brasil", 206 .ז

האט די מעגלעכקייט, זייערע פריערדיקע האנדלס באציאונגען מיט פארשידענע פראווינצן צו פארברייטערן.

ווי עס ווייזט אויס זענען אידן געווען פארטראטן אין אלע צווייגן פון האנדל, נאר אין איין צווייג פון מסחר זענען אין יענער צייט די אידן ווארשיינלעך נישט געווען פארטראטן, דאס איז דער שקלאפן האנדל. עס איז באוואוסט, אז אידן האבן געהאט א קאסע פאר אויסלייזן געפאנגענע (פדיון שבוים), פאר וועלכן צוועק זיי האבן אויפגעזאמלט גרויסע סומען און עס לאזט זיך ניט גלויבן, אז ווען די אידן זאלן האנדלען מיט שקלאפן, זאלן זיי ניט האבן אזעלכע פארבינדונגען צווישן די סוחרים, וואס זאל זיי דערמעגלעכן אן שוועריקייטן אויסצוקויפן א געפאנגענעם, וואס איז אין יענער צייט געווען דאס זעלבע ווי א שקלאף (57)

---

57) מיט דער קאסע פאר פדיון שבוים האבן אנגעפירט צוויי גרויסע אידישע סוחרים, יהושע סארפאטי (צרפתי) און יהושע האביללא.

# דער קולטורעלער מצב פון די אידן
# אונטער דער האלענדישער הערשאפט

די ארגאניזירטע אידישע קהלה, איז געשאפן געווא־
רן אין רעסיפע (58) אין יאר 1648, נאר פריער זענען
שוין אויך געווען אידן, וואס האבן אויף אן אינדיווידו־
עלן אופן רעפרעזענטירט דעם אידישן קבוץ. אזא איז
געווען דער איד, שמואל פאלאש, וואס איז אויך געווען
א בעל יועץ ביים פרינץ נאסאו. עס איז אויך זיכער, אז
די חברה פאר יתומים הילף, פדיון שבוים און הכנסת
כלה („סאנטא קאמפאניא דע דאטאר, ארפאנס ע דאנ־
זעללאס" — היילקע חברה מנדב צו זיין פאר יתומים
און כלות), אנגעפירט דורך יהושע צרפתי און יהושע
האביללא, האט עקזיסטירט פאר דער אפיציעלער גרינ־
דונג פון דער קהלה און עס איז זייער מעגלעך, אז די
פארצווייגונג פון די פארשידענע אויפגאבן, האט געפירט

58) לויט נחום סאקאלאוו, אין זיין בוך „ברוך שפינוזה וזמנו" שטאמט
דער נאמען רעסיפע פון העברעישן „רצוף" (סקאלא — שטיינער),
דארט איז אויך רעפראדוצירט א פאטאגראפישע קאפיע פון שער
בלאט פון פנקס פון דער אידישער קהלה אין רעסיפע (פערנאמבוקא),
וואס זאל זיך געפינען אין אן ארכיוו אין אמסטערדאם.

די אידן צום גרינדן די קהלה. דאס וואס די חברה האט זיך גערופן בלויז א יתומים-הילף און הכנסת-כלה חברה, איז א באווייז, אז דער ענין פון אויסלייזן געפאנגענע, איז געטאן געווארן אין געהיים און דערפאר האט דער נאמען פון דער חברה אין פארטוגעזיש, נישט דעם אויס-דרוק אויך פון פדיון שבוים.

דאס קולטורעלע לעבן איז פארשטענדלעך דאמאלסט נאר געקומען צום אויסדרוק אין צונויפקומען זיך בעת די רעליגעזע ימים טובים, ווען זיי פלעגן אפריכטן די תפילות.

דער בראזיליאנער היסטאריקער ראשא פאמבא, איז שטארק ביי דער איבערצייגונג, אז די האלענדער וועגען וועט ניט געווען טאלעראנט צו אנדערע רעליגיעס, ווייל זיי האבן ניט רעספעקטירט קיין שום קירכע און דערפון דרינגט ער, אז אויך די אידישע סינאגאגע איז ניט געשווינט גע-ווארן און די אידן פלעגן מוזן אפריכטן זייערע תפי-לות אין פריוואטע שטיבער.

אז אידן האבן אין פערנאמבוקא געהאט אן אייגע-נע שיל, איז קיין שום ספק ניט, ווייל דער פאקט, אז „צווישן די הייזער, וואס מען האט, צוליב סטראטעגישע טעמים, געמוזט פארברענען פאר דער קאפיטולאציע", פי-גורירט אויך די אידישע סינאגאגע (59), באווייזט גענוג בולט, אז די אידן האבן געהאט א שיל און עס איז דער-פאר צו גלויבן, אז דער היסטאריקער האט זיך באזירט אויף פאקטן פון איניקע יאר פריער, איידער די שיל איז פארטיק געווארן און דאן האבן זיך די אידן טאקע צונויפ-געזאמלט צום דאווענען אין פריוואטע דירות.

59) Paulo Setubal, "Principe de Nassau"

פון איינעם אזא מנין, וואו מען פלעגט זיך פאר-
זאמלען און דאווענען ווייסן מיר, דאס איז געווען אין
הויז פון א אידישן קאפיטאן מיטן נאמען משה פיעשאטא,
וועלכער איז אויך געווען דער בעל תפילה און בעל
קורא און „ווייל קיינער פון זיי האט ניט געקענט קיין
העברעיש, האבן זיי אלץ געלייענט פון א בוך מיט פאר-
טוגעזישע אותיות״ (60). א גרויס פלאץ האט דאמאלסט
פארנומען די דאגה פון מגייר זיין די אריבערגעקומענע
אנוסים. דער דערמאנטער עדות, סאלוואדאר דאס נעוועס,
האט אין זיין עדות זאגן פארן אינקוויזיציע-טריבונאל
אויך דערציילט פון צוויי סוחרים, באלטאזאר דא פאנ-
סעקא און גאספאר פראנציסקא, וואס „האבן מגייר געווען
פיל אידן, נאר האבן דאס געטאן אין געהיים און נאר
דאן, ווען זיי האבן זיך איבערצייגט, אז דער מענטש,
וואס וויל זיך מגייר זיין, איז אן ארנטלעכער און ניט
קיין אונטערגעשיקטער פון דער אינקוויזיציע״, ווייל זיי
האבן געגלויבט, אז פארטוגאל וועט נאך אפנעמען ברא-
זיל און דאן וועט די אינקוויזיציע ווידער פארפאלגן די אידן.

עס זענען אבער נאך אלץ נישט געווען קיין אפי-
ציעלע ממונים און גייסטיקע פירער פון אידישן קבוץ.
די קומען ערשט אן קיין בראזיל פון האלאנד אין יאר
1642 אונטער דער אנפירונג פון חכם יצחק אבוהאב
דא פאנסעקא און משה רפאל דע אגיליאר, וועלכע זע-
נען שוין באקאנט געווען אין אמסטערדאם, דער ערשטער
מיט זיין חומש אין פארטוגעזיש (61) און דער צווייטער

(60) פון עדות זאגן פון סאלוואדאר דאס נעוועס, ארכיוו פון טאררע
דא טאמבא, העפט 16

61) Isaac Abuhab da Fonseca, “Parafrasis Commentado”, Amsterdam

מיט זיין העברעישע גראמאטיק (62) און דעם פאלעמישן ספר וועגן רעליגיע (63). עס איז זיכער, אז די אידן, וואס האבן געוואוינט אין בראזיל, האבן פארבעטן דעם באוואוסטן חכם יצחק אבוהאב דא פאנסעקא און דעם העברעיש קענער, משה רפאל דע אגיליאר, דעם ערשטן, אלס רב פאר דער קהלה און דעם צווייטן, אלס פירער פון דער תלמוד תורה, וואס זאל דאן האבן עקזיסטירט אין רעסיפע.

ווי עס זאל אבער ניט זיין, זעען מיר, אז די אידן אין פערנאמבוקא האבן זיך ביסלעכווייז אנגעהויבן פילן אלס תושבים און האבן אנגעהויבן שאפן די נויטיקע אינסטיטוציעס. ווער ווייסט א וואסערע געלערנטע דער אידישער קבוץ אין פערנאמבוקא וואלט ארויסגעגעבן, ווען ניט די קאפיטולאציע פון די האלענדער אין יאר 1654, ווען עס איז מיט איינמאל אלץ חרוב געווארן און די אידן האבן ווידער געמוזט אנטלויפן און זוכן זיך א שוץ אין אנדערע לענדער.

---

דאקומענטן, וואס זאלן איבערגעבן וועגן קולטורעלן לעבן פון די אידן אין בראזיל, אונטער דער הערשאפט פון פארטוגאל, זענען פאראן זייער ווייניק. פון אייניקע כראניקעס ווערן מיר געוואויר, אז אין סאן סאלוואדאר (באהיא) איז געווען א שיל, וואו „די אידן האבן אומגעשטערט אפגעהיט משהם גלויבן", אין הויז פון העיטאר

---

62) Moysés Raphael de Aguiliar, "Epitome", resumo da lingua hebraica, Amsterdam.

63) Idem "Respostas a certas propostas contra a tradição", Amsterdam, 1639

אנטוניעס; אין פערנאמבוקא איז געווען א רב מיטן נאָמען זשארזשע דיאס דא קאיא, וואס איז פון פאך געווען א ברוקירער. אויך אין אלינדא איז געווען א רב.

דער בליאונגס פעריאד פון אידישן ישוב אין בראַזיל, איז אבער געווען נאר אין דער צייט פון דער האָלענדישער הערשאפט, ווען ס׳זענען געווען פיל אידישע דאקטוירים, אינזשעניערן, אדוואקאטן, רבנים און שרייבער און די אלע האבן אפיציעל אויפגעהערט צו זיין אידן מיטן פאלן פון דער האלענדישער הערשאפט אין בראזיל.

די פּייהייטן, וואס דאן זשואן דער 6-טער האט געגעבן די אידן און די רעפארמען פון מארקעז דע פאמבאל האבן טאקע אפגעווישט דעם אונטערשיד פון נייע קריסטן און קריסטן, נאך דאן איז אויך אפגעווישט געווארן די רעשט אייגנארטיקייט פון ביסל אידן, וואס זיינען דאן געווען אין בראזיל (בלויז אין רעסיפע זענען געווען איבער 5 טויזנט אידן).

נאכן פאלן פון דער האלענדישער הערשאפט זענען די מערסטע טייל אידן אנטלאפן פון בראזיל און די וואס זענען געבליבן, האבן זיך מיט דער צייט אויסגעמישט מיט די קריסטן און פון יענעם אידישן קבוץ, וואס האט אמאל געלעבט אין בראזיל, איז כמעט קיין זכר ניט געבליבן. עס זענען נאר געבליבן פאמיליען נעמען, וואס געהערן צו העכסט בראזיליאנער פאמיליעס, בנוגע וועלכע עס דערוועקט זיך אבער לייכט דער חשד, אז זייערע עלטער זיידעס זענען אמאל געווען אידן.

עס איז פארשטענדלעך, אז די אידן זענען שטענדיק געווען אויף דער זייט פון האלאנד אין די קאמפן מיט די פארטוגעזן, נאר די אנגענומענע מיינונג, אז די אידן האבן זיך ניט באטייליקט אקטיוו אין קאמף, ווילן מיר דא איינמאל פאר אלעמאל צעשטערן.

אין האלענדישן מיליטער זענען געווען פיל אידן. וועגן אייניקע טענענטן (אפיצירן) דערציילט מאטעוס וואן דע בראעק אין זיין טאג-בוך (64), זיי זענען: יעקב פלעמינג, וועגזל שמידט, יעקב העמעל, יעקב דאסים און יעקל ווערמועללען. עס איז פארשטענדלעך, אז די אידישע מיליטערלייט זענען שטענדיק געווען גרייט צו פארטיידיקן די אידן, וועלכע מען איז אפט באפאלען און אויך געטויט (65).

עס איז אויך באקאנט דער איד יעקב ראבבי, וואס

---

64] Matheus Van de Broeck, (Diario de).

65) „די פארטוגעזן האבן געטויט דריי אידן" — פון דערמאנטן טאגבוך, דעם 17-טן יוני, 1645.

האָט זיך פולשטענדיק באַזעצט צווישן די אינדיאַנער פון שבט טאַפּויאַס און איז מיט דער צייט געוואָרן זייער פירער און ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שלאַכטן פון פּערנאַנדעס וויעירא א. אַנד. קעגן די האָלענדער, די באַשיצער פון פּערנאַמבוקאַ, האָט יעקב ראַבבי, מיט זיינע אינדיאַנער צונויפגעזאַמלט אַלע איינוואוינער פון באַפּעלקערטן פונקט קאַנינאַן און ווען אַלע זענען געווען פאַרזאַמלט אין קירכע, האָט ער געגעבן א באַפעל זיינע אינדיאַנס און זיי האָבן אויסגעשאַכטן אַלע אַנוועזנדע. דאָס איז געווען דעם 16-טן יולי, 1645.

אין פיל קאָנפליקטן, וואָס זענען פאָרגעקומען צווי־שן די פּאָרטוגעזער און האָלענדער, וואָס זענען שפּעטער געוואָרן אַלע מאָל אָפּטער, איבערהויפּט אויפן לאַנד, זע־נען די אידן שטענדיק געלאָפן פאַרטיידיקן די האָלענדער. ווען אַזאַ פאַל רעדט אויך ראָשאַ פּאָמבאַ אין זיין „גע־שיכטע פון בראַזיל“. (66)

אויף וויפל די איבערפאַלן פון די פּאָרטוגעזער זע־נען געווען אָפטע קען דינען דער פאַקט, וואָס דער אויפ־שטאַנד פון פּערנאַנדאַ וויעירא און אַנדרע ווידאַל קעגן האָלאַנד האָט געזאָלט אויסברעכן דעם 24טן יוני (1645) און „צוליב א קאָנפליקט צווישן אידן און קריסטן האָבן זיי געמוזט אָנהויבן די קאַמפן א סך פריער“ (67).

צוליב די איבערפאַלן איז פאַרשטענדלעך פאַרוואָס די אידן האָבן זיך אָפּגעזונדערט אין א אידן גאַס און געוואוינט אַלע אינאיינעם, בעת עס איז באַוואוסט, אַז קיין

66) J. F. da Rocha Pombo, "Historia do Brasil", IV .ב
67) Idem 513 .ז, IV .ב

געזעצן קעגן אידן האט ניט עקזיסטירט און יעדער האט געקענט פריי וואוינען, וואו ער האט נאר געוואלט. אזוי איז זיי לייכטער געווען צו אלארמירן די אידישע באפעל-קערונג און זיך ווי געהעריק פארטיידיקן. די אידן גאס איז אויך געווען די צענטראלסטע גאס אין פערנאמבוקא, סמילא אויך די האנדלס געגנט, ווייל דורך דער גאס איז מען געגאנגען צו דער בריק, וואס האט געפירט אין מאוריסיא-שטאט און אין דעם פאלאץ פון גובערנאדאר, פרינץ נאסאו, — פרייבורג.

---

דער סוף פון דער אידישער קהלה איז טאקע דא־טירט פון 1654, ווען די פארטוגעזן האבן אנטגילטיק באזיגט די האלענדער, נאר דאס אנטלויפן פון פערנאמבוקא האט זיך אנגעהויבן נאך פיל יארן פריער. באלד ווי דער פרינץ מאוריסיא דע נאסאו איז אפגעפארן (68) זענען פיל אידישע סוחרים אפגעפארן קיין האלאנד, טייל זענען זאגאר געפארן גלייך מיט אים. עס ווייזט אויס, אז די אידן האבן פארשטאנען, אז אן נאסאוס פרידנס פאליטיק, וועלן זיך די האלענדער ניט לאנג האלטן אין בראזיל. פיל זענען אבער דאך צוליב זייערע געשעפטן געבליבן, עס האט זיך אבער שוין געפילט דער נאענטער קראך און פיל אידן האבן אין איילעניש ליקווידירט זייערע געשעפטן און אנגעהויבן אנטלויפן.

אלס פועל יוצא דערפון איז אויך געפאלן דער מסחר. אלץ ווערט פאראליזירט, עס איז ניטא קיין נאכפרא־

68) דעם 22-טן מאי, 1644 איז דער פרינץ נאסאו צוריקגעפארן קיין האלאנד,אלס פועל יוצא פון דער מסירה פון פאליאק ארטיטשאווסקי.

גע אויף קיין סחורות, די פרייזן פאלן און עס הויבט אן אויספעלן געלט. זאגאר אויף צו צאלן די שטייערן, מוז די רעגירונג אננעמען פראדוקטן, דאס מיליטער קען ניט קריגן אויסגעצאלט דעם געהאלט און אפט געשעט, אז גאנצע מיליטער אפטיילונגען פארן ארויס איבערן לאנד אויפמאנען שטייערן אין פראדוקטן און נעמען עס צו פאר זיך, אלס געהאלט. אידן האבן אפילו געבארגט דעם רעגירונגס ראט הונדערט טויזנט האלענדישע פלארינס אויף צו באצאלן דאס מיליטער, וואס האט שוין ניט געהאט קיין חשק זיך צו שלאגן, ניט באקומענדיק קיין געהאלט (69), נאר דאס האט לאנג ניט געקענט אויפהאלטן די קריגס פעיקייט פון האלענדישן מיליטער.

דאס פארטוגעזישע חיל, וואס האט געהאט צו הילף די פירער פון די אינדיאס און פון די שווארצע, פעליפע קאמאראן און הענריקע דיאס, מיט זייער ריזיקער צאל מענטשן און די ריזיקע געלט שטיצע, וואס זיי האבן אין געהיים באקומען פון פארטוגעזישן גאווערנאדאר אין באהיא, האט דערפאר די מעגלעכקייט צו גיין פון נצחון צו נצחון פון דער האלענדישער זייט איז די אנפירונג מיטן מיליטער און ממילא זיין קאמפס פעיקייט נישט געווען אויף דער געהעריקער הויך. פארשטארקונגען זענען שטענדיק אנגעקומען אין דער לעצטער מינוט און ניט שטענדיק אין א גענוגנדער צאל, עס זענען אויך געווען פאלן פון פאראט צוליב געלט, וואס די פארטוגעזער האבן געטיילט מיט א פרייער האנט (70). דאס אלעס

69) Paulo Setubal "Principe de Nassau"
70) J. F. da Rocha Pombo, Historia do Brazil, IV .ב

האבן די אידן געוואוסט און האבן גענוצט פּראוויזיען דעם סוף פון דער האלענדישער הערשאַפט אין בראזיל, דאך האבן די אידן פארלאזט בראזיל ערשט ביי דער אנטגילטיקער קאפיטולאציע פון האלאנד, עס איז זיכער דערפאר, וואס די ארעמערע שיכטן פון אידישן קבוץ, האבן ניט געהאט וואוהין צו פארן. אין האלאנד זענען געווען גענוג אידישע ארעמעלייט אן זיי, זענען זיי דע- ריבער אוועק פון בראזיל, ערשט נאכן שליסן דעם שלום צווישן האלאנד און פארטוגעזישן מיליטער, אנהויב 1654 (71).

דער שלום אפמאך, וואס איז אייגנטלעך גיכער א קאפיטולאציע-אקט און איז אונטערגעשריבן פון גענעראל פראנסיסקא בארעטא, מצד די פארטוגעזן, אנטהאלט אפילו א פונקט 6, וואו עס זאגט זיך: „עס ווערט דער- לויבט אלע האלענדישע אונטערטאנען, אן אונטערשיד פון רעליגיע, צו פארבלייבן אין לאנד מיט די זעלבע רעכ- טן פון אנדערע אויסלענדער", נאר די אידן האבן צו גוט געקענט די פארטוגעזן, זיי זאלן זיך פארלאזן אויף זייער הבטחה צו האלאנד און אויף דעם סמך בלייבן אין לאנד אונטער זייער הערשאפט, זענען דעריבער פיל אוועק פון בראזיל, צעזייט און צעשפרייט געווארן אין פאר- שידענע וועלט טיילן.

אזוי האט זיך מיט אמאל געענדיקט די עקזיסטענץ פון בליענדיקן אידישן קבוץ אין דאמאלסטיקן בראזיליאנעם האלאנד—אין רעסיפע (פערנאמבוקא).

(71) דער שלום אפמאך צווישן פארטוגאל און האלאנד איז געשלאסן געווארן אין רעסיפע דעם 26-טן יאנואר, 1654.

די אידן וואנדערן אויס אין
מאסן פון פערנאמבוקא

מיר האבן שוין אין א פריערדיק קאפיטל באמערקט, אז אידן זענען געקומען קיין בראזיל נאך פאר דער הער־שאפט פון האלאנד און ווי עס ווייזט אויס זענען אויך נאכן צוריקציען זיך פון די האלענדער, נאך געבליבן פיל אידן, וואס האבן געהאט די פראטעקציע און פריינטשאפט פון די ארטיקע איינוואוינער. אזעלכע זענען געווען די אידן אברהם און יצחק פערעירא, וואס האבן נאך אין 1656 געהאט זייער צוקער ענזשעניא אין דער אומגעגנט פון פערנאמבוקא. דאס קען זיך אויך דער־קלערן דערמיט, וואס די פארטוגעזער האבן געוואוסט וועגן שלעכטן עקאנאמישן צושטאנד פון לאנד, וואס איז געבליבן אין א קריטישער לאגע נאכן צוריקציען זיך פון די האלענדער און דאס פארפאלגן די רייכע אידן, די אינדוסטריעלער, וואלט די לאגע געוויס נאך פארערגערט, אדער אפשר האבן די רייכע אידן געהאט אזעלכע פארבינדונגען אין די קרייזן פון דער ארטיקער מאכט און זייער אידישקייט איז געווען אזוי ניט מערק־באר, אז מען האט זיי ניט באאומרואיקט.

די גרעסטע צאל אידן האבן אבער אין איילעניש פארלאזט פערנאמבוקא און געלאפן וואוהין די אויגן האבן זיי געטראגן. מיר ווייסן שוין, אז פיל זענען אוועק צוריק קיין האלאנד נאך בעתן אומקערן זיך פון פרינץ נאסאו קיין האלאנד, די איבערגעבליבענע ווידער, האבן ווייזט אויס ניט געזען קיין גליקן אין האלאנד און זיי זענען אפגעפארן אין דאמאלסטיקן ניי אמסטערדאם, (היינטיק ניו יארק), נארד אמעריקע.

אין די כראניקעס פון דער שטאט ניי־אמסטערדאם (ניו יארק) געפינט זיך טאקע א באשלוס צו לאזן דארט וואוינען דעם איד בר סימאן (בר שמעון), וואס איז געווען דער ערשטער איד אין נ. אמעריקע און איז ווארשיינלעך געקומען פון בראזיל. אין זעלבן יאר (1654) איז אויך אנגעקומען קיין ניי־אמסטערדאם (ניו יארק) א גרופע אידן פון בראזיל, די ערשטע גרופע אידן, וואס זענען ווארשיינלעך געקומען אויפן סמך פון באשלוס וועגן לאזן דארט וואוינען דעם איד בר שמעון, וועלכער איז טאקע אפשר אויך געווען דער שליח פון די בראזיליאנער אידן, וואס האבן זיך געגרייט צו אנטלויפן פון בראזיל. נישט אלע אידן פון בראזיל האבן אבער געהאט די מעגלעכקייט צו מאכן אזעלכע ווייטע נסיעות, טרעפן מיר דערפאר זיך אן אין די געשיכטעס פון דרום אמעריקאנער קאנטינענט מיטן פאקט, אז עס האט עקזיסטירט יארנלאנג א אירישער ישוב אויפן ברעג פון טייך סורינאם, וואס איז באשטאנען פון אידן, וואס האבן אויסגעוואנדערט פון בראזיל.

אין יאר 1654 האט פון בראזיל אויסגעוואנדערט

א צאלרייכע גרופע אידן, אונטער דער אנפירונג פון דוד נאססי און האבן זיך באזעצט אויפן רעכטן ברעג פון טייך סורינאם (האלענדיש גוואיאנא). דאס ארט האט מען גערופן סאוואנא (72) און שפעטער איז עס באקאנט געווארן אונטערן נאמען „סאוואנא זשודעא״ (אידן סאוואנא) (73), צוליב דעם, וואס אידן האבן זיך דארט באזעצט.

ווי אזוי אידן האבן זיך דערשלאגן צו דעם ווייטן ווינקלביים טייך סורינאם, איז ניט באוואוסט. עס איז זייער מעגלעך, אז אן אינדיאנער שבט, וואס איז געווען באפריינדעט מיט די אידן האט זיי אהין דורכגעפירט דורך די אור וועלדער, אדער זיי זענען געפארן מיט שיפן ביז יענעם פלאץ, וואס האט דאמאלס געהערט צו האלאנד, לויט דער אנווייזונג פון דער רעגירונג, וואס האט זיכער זיך באמיט צו העלפן אירע אונטערטאנען און פריינט נאכן צוריקציען זיך פון פערנאמבוקא.

נאך דעם ווי די אידן האבן זיך דארט באזעצט האט די געגנט אקופירט דער ענגלישער לארד, וויליאם ווילאג-בו, אזויערנאך זענען די אידן ארונטערגעפאלן אונטער דער ענגלישער הערשאפט און אין יאר 1662 האבן זיי בא-קומען פון ענגלישן קיניג, קארלאס דער 2-טער, אן אפי-ציעלע דערלויבעניש אויף זייער קאלאניע.

גאר גענויע דאטן וועגן יענער אידישער קאלאניע איז אונז ניט געלונגען אויפצוזוכן, עס איז אבער בא-

72) סאוואנא — באדייט א גלייכע געגנט, וואו עס וואקסט הערוואַ-מאטע און איז באקאנט מיטן געזונטן קלימאט.

73) Netcher, Ceschichte, 142 .ז

וואוסט, אז די דארטיקע קאלאניע האט עקזיסטירט בערך 200 יאר. אין יאר 1830 אדער 1835 האט א רייזנדער געפונען דעם דארטיקן אידישן ישוב אויפן רעכטן ברעג פון טייך סורינאם (אדער סורינאמע), וואס איז געווען באוואוינט נאר פון אידן, וואס האבן אויסגעוואנדערט אהין פון בראזיל (74). עס איז זייער מעגלעך, אז די דארטיקע אידן איז געלונגען אויפצוהאלטן זיך אזוי פיל יארן אפגעשלאסן, ווייל די געגנט האט ניט קיין פאר-בינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט און דערפאר האט זיי קיינער ניט געשטערט זייער רואיק לעבן.

מיט אייניקע יאר צוריק האבן מיר געהאט די מעג-לעכקייט צו באקענען זיך מיט א גרעסערע ארבעט פון אן ענגלישן רייזנדן, וואס האט געמאכט א רייזע אין פארא, גוואיאנא און ארומיקע געגנטן. דערציילט ער אויך וועגן רעשטלעך פון א אידישן בית עלמין, וואס ער האט אנגעטראפן אין דער ווילדעניש. עס איז אונז ליידער נישט געלונגען פעסטצושטעלן גענוי דאס ארט פון אלטן בית עלמין, וואס זיינע מצבות, די סאמע לעצטע, זענען שוין אלט — לויטן רייזנדערס מיינונג — איבער הונדערט (100) יאר, נאר ווי אונז דוכט זיך איז עס דער בית עלמין פון דער אידישער קאלאניע אויפן טייך סורינאם אין האלענדישן גוואיאנא, ווייל עס לאזט זיך ניט גלויבן, אז אין די דארטיקע ווילדענישן זאל עקזיס-טירן נאך א אידישע קאלאניע און דער אויבן ציטירטער רייזנדער — פאמין — זאל דערפון ניט דערציילן.

דאס איז דער לעצטער גרוס פון דער ארגאניזירטער קהלה, וואס האט עקזיסטירט אין פערנאמבוקא.

74) M. S. Pamin, "Columbia and Guyana".

אויף אייניקע שטעלן אין אונזער ארבעט האבן מיר פארבייגייענדיק דערמאנט וועגן דעם, אז אויסער אין האלענדישן בראזיל, זענען אויך אין פארטוגעזישן בראזיל, אין די רעשט פראווינצן פון לאנד, וואו עס האבן גע- הערשט די פארטוגעזן, געוואוינט אידן און וועגן קיין רדיפות פון דער אינקוויזיציע און אירע שליחים אין בראזיל אויף אידן, איז ניט געווען צו הערן, ערשט נאכן צוריקציען זיך פון די האלענדער, הויבן זיך אן די פארפאלגונגען אויף אידן.

וועגן אידן, וואס זענען געבליבן אין בראזיל נאכן צוריקציען זיך פון האלאנד איז ניט פאראן קיין סאך דאקומענטן, דאך איז זיכער, אז אידן זענען פארבליבן אין לאנד און האבן געלעבט אלס אנוסים (מאראנען). צו דעם באשלום מוז מען קומען, ווען מען באקענט זיך מיט די מאטעריאלן וועגן די אינקוויזיציע פארפאל- גונגען און דעם פראצעס, וואס עס האבן בייגעטראגן

צו פארשידענע אויטא-דע-פע אקטן די אידן פון בראַזיל (75).

סוף 17-טן י״ה, ד. ה. נאכן צוריקציען זיך פון האלאנד, טרעפן מיר זיך שוין אן מיט אידישע קאלאניסטן פון בראזיל, וואס ווערן פארמשפט דורך דער אינקוויזיציע אין ליסאבאן, נאר די פארפאלגונגען אויף אידן נעמען אן א שארפן כאראקטער אין אנהויב 18-טן י״ה, ווען קיין בראזיל קומט דער באשטימטער ביסקופ פאר ריא דע זשאניירא, דאן פראנסיסקא דע סאן זשעראנימא, וועלכער איז באקאנט מיט זיין שנאה צו אידן. די שליחים פון דער אינקוויזיציע ארעסטירן און שיקן אפ צו דער אינקוויזיציע אין ליסאבאן בלויז אין די יארן פון 1707 ביזן יאר 1711 איבער פינף הונדערט אידן פון בראזיל, פון וועלכע די ערשטע ווערט פארברענט די אלמנה פון העיטאר אנטונעס, די 80-יעריקע חנה רויז (76).

אט זענען אייניקע ציפערן, וואס באשטעטיקן אונזער באהויפטונג.

אין די אויטא-דע-פע אקטן אין יאר 1709 זענען צווישן 59 פארמשפטע פאראן 7 אידן פון בראזיל (77);

אין די אויטא-דע-פע אקטן פון יאר 1711 טרעפן מיר שוין אין דער צאל פון 104 פארמשפטע איבער א העלפט אידן וועלכע האבן געוואוינט, אדער זענען געבוירן געווארן אין בראזיל;

75) Kohut, "Jewish Martyrs of the Inquisition em South America".

76) Lucio d'Azevedo, "Historia dos christões novos Portuguezes", 228 .ז

77) Varnhagem, "Historia Geral do Brasil", 335 .ז ,II .ב

אין אויטא-דע-פע פון 9-טן יולי, 1713 דערגרייכט די צאל פארמשפטע אידן פון בראזיל די צאל פון 72, דארונטער 40 פרויען. א צאל, וואס שטייגט איבער די צאל פארמשפטע פון פארטוגאל גופא (78).

אין די שפעטערע יארן, ווערן ווינציקער די פארמשפטע אידן פון בראזיל, דאס זאל זיין צוליב דעם, וואס די מלוכה האט פארבאטן צו קאנפיסקירן די רייכע צוקער ענזשעניאס (79). מיר טרעפן אבער דאך אן אין די אויטא-דע-פע אקטן פון יאר 1716 פארמשפטע 30 אידן פון בראזיל. ערשט מיט 12 יאר שפעטער, אין יאר 1728, טרעפן מיר אן פארמשפטע אידן אין אויטא-דע-פע פון 30-טן יולי, בלויז די 18 יעריקע בריטא לאפעז און אין אויטא-דע-פע פון 13-טן אקטאבער — דריי אידן.

שפעטער, ווען די אידישע קאלאניסטן ווערן רייך דורכן האנדל מיט די מאטעריאלן פון די געפונענע מינעס, הויבט זיך ווידער אן דער געיעג אויף אידן און מיר טרעפן ווידער אן אין די אויטא-דע-פע אקטן פיל פארמשפטע אידן.

אין אויטא-דע-פע פון 16-טן אקטאבער, 1729 טרעפן מיר שוין 14 בראזיליאנער אידן; דעם 17-טן יוני 1731 — 20 אידן; דעם 6-טן יולי, 1732 — 25 פארמשפטע אידן; דעם 20-טן סעפטעמבער, 1733 — 8 אידן; דעם 24 טן יולי, 1735 ווערן דורכן אינקוויזיציע טרי-בונאל פארמשפט 22 אידן און אין אויטא-דע-פע פון 18-טן אקטאבער (לויט אנדערע קוועלן דעם 21-טן),

78) S. Leite Fo., “Os Judeus no Brasil”, 93 .ז

79) Lucio d’Azevedo, “Historia dos christões novos Portuguezes”, 33 .ז

1739 ווערן פארברענט 12 אידן פון בראזיל, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך דער אידיש-בראזיליאנער דראמאטורג, אנטאניא זשאזע דא סילווא.

---

מיר האבן ציטירט די אלע פאקטן, כאטש דאס אלץ געהער צו דער צווייטער טייל פון אונזער ארבעט, ווייל מיר ווילן צעשטערן די מיינונג פון כמעט אלע פארטוגעזיש-בראזיליאנער היסטאריקער, אז אידן זענען ניט געווען אין בראזיל, אויסער בעת דער האלענדישער הערשאפט.

פאר זיי איז יעדער איד, ווען ער ווערט זאגאר פארמשפט דורך דער אינקוויזיציע אלס איד, ניט מער ווי א „קריסטאן נאוואי" (ניי קריסט-מאראן) און קיינמאל פארעכענען זיי אים ניט אלס איד, מיר האבן זיך אבער באמיט צו באווייזן, אז אין בראזיל זענען געווען פיל אידן אויך נאכן צוריקציען זיך פון האלאנד און אט די אלע אידן האבן געלעבט אלס מאראנען (אנוסים), הישנדיק אין געהיים אידישקייט.

דאס האט אזוי געדויערט, ביז זיי האבן זיך גענצלעך אסימילירט און היינט קען מען זאגן מיט אבסאלוטער זיכערקייט, אז די גרויסע מערהייט פון בראזיליאנער אנגעזעענע משפחות שטאמען פון אידן און אין זייערע אדערן פליסט אידיש בלוט.

עס איז גענוג צו דערמאנען דעם נאמען פון איינעם פון די לעצט פארצייכנטע צווישן די פארברענטע אויפן אויטא-דע-פע, דעם גרעסטן אידיש-בראזיליאנער דראמאטורג, אנטאניא זשאזע דא סילווא, און מען קען

זיך מאכן א טיילווייזן באגריף, וואס עס וואלט געווען דער אידישער ישוב אין בראזיל, ווען די אסימילאציע פרעסט איר ניט אויף.

---

די דאטן און ציפערן פאר דעם קאפיטל זענען, ווי געזאגט, גענומען פון די מאטעריאלן פארן צווייטן טייל פון אונזער ארבעט און לויט אונזער צעטיילונג געהער טאקע דער צייט אפשניט צו דער צווייטער טייל, האבן מיר זיך אבער געמוזט באנוצן מיט די דאטן, כדי צו באגרינדן אונזער פעסטשטעלונג, אז אידן האבן געלעבט אין בראזיל לאנג נאך דעם, ווי די האלענדער האבן זיך צוריקגעצויגן פון פערנאמבוקא.

צום זעלבן צייט אפשניט געהער אויך די מאנאגראפיע וועגן לעבן און שאפן פון אנטאניא זשאזע דא סילווא, וועלכע מיר ברענגען אין דער טייל אין אויסדרוק פון פארערונג פארן גרויסן אידיש-בראזיליאנער דראמאטורג, וואס דארף אן צווייפל זיין דער שטאלץ אויך פון היינטיקן אידישן ישוב אין בראזיל.

---

ווער עס באקענט זיך מיט דער געשיכטע פון בראזיל, טרעפט זיך תיכף און מיט א גרויסער צאל נעמען, וואס דערוועקן דעם חשד, אז דאס זענען אייניקלעך פון דער גרויסער און קולטורייכער אידישער עדה, וואס האט אמאל געלעבט אין פארטוגאל און נאכהער זיך אריבערגעקליבן אויך קיין בראזיל. דא טרעפן מיר זיי ווי מעטעארן אויפשיינען און פארלאשן ווערן אויפן פינסטערן האריזאנט פון יענער אומענטשלעכער צייט, פון דער צייט, ווען אלץ און אלעמען האט באהערשט דער שווארצער כוח פון דער אינקוויזיציע.

מיר האבן שוין אין פריערדיקן קאפיטל פעסטגעשטעלט, אז אין 1654 איז מיט דער ליקווידירונג פון דער אידישער קהלה אין רעסיפע, בעת די פארטוגעזן האבן באזיגט די האלענדער, ניט פארשוואונדן געווארן דער איד, דער יחיד, דער מאראן, וואס האט אין געהיים געהיט זיין אנגעהעריקייט צום אידישן פאלק, זייענדיק אפיציעל א קריסט, אדער נײַ קריסט, (אזוי פלעגט מען רופן

די, וואס האבן געשטאמט פון אידן און האבן אפיציעל געגילט אלס קריסטן.)

טראץ אלע פארפאלגונגען זענען פיל אידישע משפחות געבליבן אין בראזיל, זייענדיק אפיציעל טריי דעם קריסטלעכן גלויבן. אזא פאמיליע איז געווען די משפחה, וואו ס׳איז געבוירן געווארן אנטאניא זשאזע דא סילווא, דער גרעסטער בראזיליאנער דראמאטורג ביזן היינטיקן טאג, וואס איז פארברענט געווארן אויפן אויטא-דע-פע פארן „פארברעכן״ וואס ער איז געווען א איד.

אנטאניא זשאזע דא סילווא איז געבוירן געווארן אין ריא דע זשאניירא אין יאר 1705 ביי זיינע עלטערן: זשאזע מענדעס דא סילווא און לאורענסא קאוטיניא. זיין פאטער זשאזע מענדעס איז געווען א באקאנטער אד-וואקאט אין ריא און איז געווען באליבט ביי דער בא-פעלקערונג, געשעט אבער, אז זיין מוטער, דאנא לאו-רענסא, ווערט באשולדיקט אין אפהיטן אידישקייט און זי ווערט ארויסגערופן צום אינקוויזיציע טריבונאל אין ליסא-באן, וואוהין עס פארט מיט די גאנצע פאמיליע (אין יאר 1713) צוזאמען מיטן אכט יאריקן אנטאניא זשאזע.

די באשולדיקונג קעגן זיין מוטער איז נישט קיין פעסטע און א דאנק דעם, ווי אויך א דאנק דער אומדערמידלע-כער פארטיידיקונג פון זיין פאטער, איז זיין מוטער בא-פרייט געווארן, נאכן אפליידן אייניקע חדשים אין די קעלערן פון דער אינקוויזיציע. נאך דער באפרייאונג פון דער מוטער בלייבט די גאנצע פאמיליע וואוינען אין לי-סאבאן, וואו זיין פאטער פארנעמט זיך מיט זיין פראפעסיע — אדוואקאטור.

אנטאניא זשאזע איז דערווייל געוואקסן א לעבע-
דיק און פעאיק אינגל און ווען ער ענדיקט די דארטיקע
שולע שיקן אים זיינע עלטערן קיין קאימבּרא שטודירן
אין אוניווערזיטעט אלס גייסטלעכער, וועלנדיק דערמיט
באווייזן די אינקוויזיטארן, אז זיי זענען איבערגעגע-
בענע קריסטן, נאר אנטאניא זשאזע, וואס האט הייס
ליב געהאט זיין מוטער, האט געטראגן אין הארץ א
שנאה צום קריסטלעכן גלויבן, וועמענס אינקוויזיטארן
עס האבן געפייניקט זיין מוטער אין די טייוולשע אינ-
קוויזיציע מאשינען און דערפאר האט ער זיך גערן צו-
נויפגעטראפן מיט נאך שילער פון אוניווערזיטעט, וואס
האבן, ווי ער, געשטאמט פון אידן און זיי פלעגן פיל
דיסקוטירן און קריטיקירן דעם קריסטלעכן גלויבן, וואס
פריידיקט רחמנות און איז אין לעבן אכזריותדיק. דאס
דערוויסן זיך די אינקוויזיציע אויפזעער און אין א געוויסן
פרימארגן,דעם 8-טן אויגוסט, 1726 ווערט ער ארעסטירט
אין הויף פון זיינע עלטערן, ווען ער איז געקומען אהין
צו גאסט.

דער ענטוזיאסטישער, 21 יעריקער אנטאניא זשאזע
לאזט זיך לייכט כאפן אין דער נעץ פון דורכגעטריבענעם,
פיפיקן אינקוויזיציע גלח, זשואן אלוועס דע סאוזא, און
גלויבנדיק אין דער דערלויבעניש פריי אויסצודריקן זיין גע-
דאנק, וואס עס האט אים געגעבן דער דערמאנטער
גלח, באמיט זיך א. זש. צו באווייזן אים ווי ווייט די
אינקוויזיטארן, די דינער פון קריסטוסן, זענען ווייט פון
דער אמתער קריסטלעכער לערע. אין זיין אפנהארציקייט
האט ער אויך אויסגעגעבן דריי פון זיינע קאלעגן, מיט

וועלכע ער פלעגט דיסקוטירן די פראגן און אין זיין נא-איוועקייט מיינט ער דורך זיין זאגן אמת, באפרייט צו ווערן, ער ווערט אבער דאך פארמשפט צום צעמאלן די פינגער פון די הענט אין דער טייוולשער אינקוויזיציע מאשין און ווי אלע פארמשפטע — צום קאנפיסקירן זיין פארמעגן.

דער פסק איז אויסגעפירט געווארן אין דער קירכע סאן דאמינגא, דעם 13-טן אקטאבער, 1726. ביי דער אנוועזנהייט פון קעניג זשואן דעם 5-טן און זיין סוויטע, ווערן אנטאניא זשאזעס פינגער אין משך פון 15 מינוט געמאלן אין דער טייוולשער אינקוויזיציע מאשין דווקא אין נאמען פון קריסטלעכער בארמהערציקייט... די הענט זענען אין משך פון צוויי יאר אפילו ניט בכוח אונטערצושרייבן דעם נאמען. זייט דאן שפירט ער א שנאה צו דער אינקוויזיציע און זאגאר זיין שפעטערדיקער דערפאלג אין די טעאטערן פון „באירא אלטאי" און „מאורארייא" האט אים ניט פארשיכורט און ניט געלאזט פארגעסן זייערע מעשים.

דער גרויסער דראמאטורג, ווען דאס פאלק האט אזוי היים אפלאדירט אויף דער סצענע, האט אין שיכרות פון דערפאלג געפרואווט גלויבן, אז די אינקוויזי-טארן וועלן אים רעספעקטירן און ער האט זיך דערלויבט צו זיין אפנהארציק וועגן זייער טעטיקייט אין נאמען פון קריסטוסן און זיי האבן עס אים ניט געקענט פארשווייגן, זיי האבן ניט גערוט ביז זיי האבן אים ניט געזען אויפן שייטערהויפן אויסהויכן זיין נשמה.

---

די ראל פון אנטאניא זשאזע אלס דראמאטורג און שעפער פון נאציאנאלן טעאטער אין פארטוגעזיש פאר פאר-

טוגאל און ממילא אויך פאר בראזיל, פאדערט א באזונדערע ארבעט, נאר כדי עס זאל קלאר ווערן אויף ווי ווייט די אינקוויזי- טארן און בכלל די מאכטהאבער אין יענער צייט, האבן זיך ניט גערעכנט מיט די שעפער פון דער פאלקס קולטור ווי מיטן פאלק בכלל, ווען מען האט זיי געוואגט אויף וועלכן עס איז אופן צו קריטיקירן, וועלן מיר פרואוון די לייענער באקענען מיטן מצב פון טעאטער אין פארטוגאל אין יענער צייט, די פאפולאריטעט פון א. זש. און די „חטאים", פאר וועלכע ער האט באצאלט מיטן לעבן אויפן שייטערהויפן.

דער אייגנטלעכער פאטער פון נאציאנאלן טעאטער אין פארטוגאל (אין די יארן 1470—1536) איז געווען זשיל וויסענטע, א גאלד שמיד, א קאנטראליער פון וואג און מאס פון דער קעניגן לעאנאר, די פרוי פון קעניג דאן מאנועל דעם 1-טן, נאר זיינע דראמען, וואס ער האט געשריבן, אי אין שפאניש, אי אין פארטוגעזיש (איייניקע זענען געשריבן איןביידע שפראכן צוזאמען) זענען ניט געווען איבעריק באליבט ביים פאלק. ווי מען קען אורטיילן פון זיינע ביאגראפן (80), איז ער געווען ווייט פון צו זיין א פאלקס מענטש און זיינע דראמען זענען פול מיט ביטערער סאטירע איבערן לעבנסשטייגער פון די פאלקס מאסן. חוץ דעם איז ער געווען א דענקער און האט אין זיינע דראמען ניט דערלאזט דאס שפילעוו־דיקע, דאס פארוויילונגס מעסיקע, וואס דאס פאלק האט געזוכט אין טעאטער. זשיל וויסענטע, איז דעריבער זייער שנעל געווארן א פארלאשענער שטערן, וואס דאס דא-

80) Paula Vicente "As obras de Gil Vicente"

מאלסטיקע טעאטער, יאגנדיק זיך נאך פארוויילונגס מעסי-קע קאמעדיעס, האט ניט מער גענומען אין אכט.

פון זשיל וויסענטע ביז אנטאניא זשאזע, וועמען מען פלעגט אין ליסאבאן רופן „דער אידי", איז אין דער פארטוגעזישער סצענישער ליטעראטור ניטא קיין איין נאציאנאל ווערק, וואס זאל ווערט זיין פארצייכנט צו ווערן, איז דעריבער פארשטענדלעך מיט א וואסער ענ-טוזיאזם דאס פאלק האט אויפגענומען יעדע פארשטע-לונג פון זיינע הומארפולע, עכט פאלקסטימלעכע שפילעוודיקע קאמעדיעם.

ביז אנטאניא זשאזע האט אין גאנץ פארטוגאל גע-הערשט אויף דער סצענע די איטאליענישע אפערע, וואס דער קיניג האט געשטיצט מיט א ברייטער האנט; די שפאנישע ערנסטע דראמע, וואס האט באגייסטערט די אינטעליגענץ און אפט אויך טיילן פון פאלק און דאס מאריאנעטן טעאטער, וואס פלעגט פארווילן און ארויס-רופן א הארציק געלעכטער ביי די ברייטע פאלקס מאסן. אין דער צייט פון אבסאלוטן פעלן פון א נאציאנאלער טעאטער אויפירונג איז געקומען אנטאניא זשאזע מיט זיינע ווערק און איז שנעל געווארן דער ליבלינג פון די ברייטע פאלקס מאסן.

אין יאר 1729 פארלאזט א. זש. זיין שטודירן אין קאימברא און ווידמעט זיך פאלקאם דער סצענישער ליטע-ראטור, אומדערוואַרטעט דערשיינט ער אויפן פינסטערן האריזאנט פון נאציאנאלן טעאטער און ווערט באלד דער באפרידיקער פון דער זוכנדיקער פאלקס נשמה. זיין פאלקס שפראך, זיין סצעניש באלעבן דאס פאלקס לע-

בן, די פאלקס סענטימענטן און אייגנארטיקייטן, ווי בכלל דער חומארפולער טאן פון זיינע סצענישע ווערק, וואו עס מערקט זיך ניכער א גוט-ברודעריש אויטלאכן די אלע „אומאנגענעמלעקייטן" פון לעבן, ווי דער סאטיריש-גרויסהאלטערישער חוזק טאן, מיט וועלכן עס זענען פול זשיל וויסענפים ווערק, — דאס אלעם האט א. זש. שנעל באליבט געמאכט ביים פאלק און די נעכט, ווען עס זענען אויפגעפירט געווארן זיינע ווערק אין די טעאטערן פון „באידרא אלטא" און "מאוראריא" זענען געווען אמתע פאלקס ימים טובים.

דער דערפאלג פון יונגן אידישן דראמאטורג און זיין באליבטקייט ביים פאלק, האט אויף אים געצויגן דעם צארן פון די אינקוויזיטארן און ווי ער וואלט זיך פאר-מאסטן מיט אלע שווארצע כוחות, האט זיין שפרודלדי-קער אידישער גייסט געשאפן איין טעאטער שטיק נאכן אנדערן און אין מויל פון זיינע פאלקס טיפן האט ער שטענדיק געפונען א געלעגנהייט אריינצוגעבן אויסדריקן, וואס האבן אויף פארשידענע אופנים פראטעסטירט קעגן די אומרעכטן און עוולות, וואס עס באגייען די מאכטהא-בער אומבאשטראפט, אין דער צייט ווען א פאלקס מענטש באצאלט דערפאר אפט מיטן לעבן. דאס פאלק האט אין אים אנגעהויבן זען דעם נאציאנאלן פאלקס דיכטער, וואס קען אלע זיינע פריידן און שטעלט זיך איין פאר אים אין אן עת צרה, נאר די אינקוויזיטארן האבן געקוקט מיט א שלעכט אויג אויף זיינע ווערק, אויף זיין פאפו-לאריטעט ביים פאלק און זיי האבן נאר אפגעווארט א גינסטיקע געלעגנהייט צו קענען אים אריינקריגן אין זיי-

ערע נעגל. אזא געלעגנהייט האט זיך זיי טאקע באלד געמאכט בעת עס איז מיט אזוי פיל דערפאלג אויפגעפירט געווארן זיין נייע קאמעדיע „די צוויי אמפי-טראיען", איז פאקטיש באשלאסן געווארן זיין גורל.

אנטאניא זשאזע האט זיך ווי פארגעסן, ער האט ווי איבערגעשאצט דעם כוח פון פאלק און פון זיין פאפולאריטעט קעגן דער בלוטדורשטיקייט פון דער אינ-קוויזיציע און אין זיין דערמאנטער קאמעדיע („די צוויי אמפיטראען") לייגט ער אריין אין מויל פון זיין העלד פאלגענדע פראזן:

„טיראנישער גליק, אומדערבארעמדיקער שטערן,
וואס האט פיין באשאפן מיט ניט באמערקטן שיין;
חיהשע אומדערבארעמדיקייט קעגן אן אומשולדיקן!
וואסער פאברעך האב איך געטאן, כ'זאל פילן —
די לאסט פון דער אומנוצלעכער תפיסה
און די שרעקן פון פארמאטערנדיקן קארצער,
ווע מענס טרויעריק וועלפישע דירה,
באוואוינט פינסטערניש און שרעקן?
אויב עס איז, טיראנין, אומדערבארעמדיקער שטערן,
א פארברעכן, דאס ניט זיין שולדיק,
בין איך א פארברעכער!
נאר אויב מיין פארברעכן איז קיין פארברעכן ניט,
פארוואס זשע ביסטו באפאלן מיט אזא
אומברחמנותדיקייט:
מיין גלויבן, מיין פרוי און מיין פרייהייט?".

עס איז צו בולט געווען זיין ארויספאדערנדיקער טאן און צו שטארק האט ער דאס מאל דער אינקווי-

זיציע געטראפן, די גאטס סטראפטשעס זאלן עס אים שוויגן, און ווייל עס האט זיי פאר קיין פאל ניט גע-לוינט צו באשטראפן אין אים דעם באליבטן פאלקס ריכטער, האבן זיי אפגעזוכט א שקלאפן, וואס האט אים פארקלאגט פארן אינקוויזיציע טריבונאל, אז ער היט אפ אין געהיים דעם אידישן גלויבן.

דאס מאל איז אנטאניא זשאזע שוין פראקטישער. ער פארשטייט זיין אמתע שולד קעגן די אינקוויזיטארן און ווייל זיי באשולדיקן אים נאר אין אנגעהעריקייט צום אידישן פאלק, וויל ער זיך אויף דעם וועג ארויסרייסן פון זייערע נעגל און ווי א לייב קעמפט ער פאר זיין לעבן. ער ברענגט צונויף אלס עדות די פראמינענטסטע גייסטלעכע אין יענער צייט, ווי די קירכן ברידער: אנטאניא קאוטיניא, זשאזע דא קאמארא, דיאגא פאנטא-זשא, דעם גלח ברונא דע אלמיידא, קירכלעכער צערע-מאניען מייסטער און דעם ריכטער, דר. זשעראנימא דא סילווא אראוזשא. אלע זאגן עדות לטובת א. זש., נאר די אינקוויזיטארן לאזן אים דאס מאל ניט ארויס פון זיי-ערע נעגל און ער ווערט ארייגעשליידערט אויף זעקס חדשים אין די אינקוויזיציע קעלערן, כלומרשט אויף אב-סערוואציע און דארט שיקן אים די אינקוויזיטארן אונטער איינעם אן אויסוואורף, בעניטא פערעירא, וואס זאגט נאכהער עדות פארן אינקוויזיציע טריבונאל, מיט אום-פארשעמטן ציניזם און בולטער פאלשקייט, אז א. זש. האט געלאכט ווען מען האט דערמאנט דעם נאמען פון קריסטוסן; אז ער האט ניט ריכטיק אפגעריכט די תפי-לות; אז ער האט געפאסט מאנטיק און דאנערשטיק און

אז ער האט ארויסגעווארפן דאס עסן, וואס מען האט אים געבראכט אין די טעג פון די דערמאנטע אידישע תעניתים.

דאס עדות זאגן פון דעם אויסוואורף בעניטא פע-רעירא, האט איבערגעוואויגען דאס עדות זאגן פון די אנדערע עדות, וואס האבן געוואלט אפראטעווען א. זש. פון שייטערהויפן, עס האט אויך צו נישט געמאכט די גרויסע רעטונגס ארבעט פון זיינע פריינט, איבער-הויפט פון איינפלוסרייכן קאנדע דע עריסעירא, וואס האט אנגעווענדעט אלע מיטלען אים צו ראטעווען, און אין 11-טן מארץ, 1739 ווערט ער ענדלעך פארמשפט אלס אומגלויביקער און אפיקורס צו דער מאקסימאלער שטראף — דעם שייטערהויפן.

עס העלפן ניט קיין שום מיטלען, עס העלפן ניט קיין אפעלאציעס און אין 21-טן אקטאבער פון זעלבן יאר ווערט אנטאניא זשאזע, דער אידיש בראזיליאנער דראמאטורג, געפירט צום שייטערהויפן, וואס די אינקוזי-זיטארן האבן אים צוגעגרייט אויפן „שעפסן פעלד", נקמה נעמענדיק פאר יענע אנגרייפנדיקע פראזן פון זיין העלד אין די „צוויי אמפיטראיען". ניט באפרידקנדיק זיך בלויז מיט זיין טויט, האבן נאך די אינקוויזיטארן גענויט בייצווזיין די עקזעקוציע זיין אלטע 70 יעריקע מוטער, זיין פרוי דאנא לעאנאר מאריא דע קארוואליא און זייער פיר יעריק טעכטערל.

אזוי האט אויסגעהויכט אויפן שייטערהויפן די נשמה איינער פון די פעיקסטע זין פון פארפאלגטן אידישן פאלק,

וואס האט, אפשר אן זיין אייגענעם וויסן, הויך געהאלטן אין זיינע ווערק דעם אידישן געפיל פאר יושר און אמת, פאר וועלכן ער האט, ווי טויזנטער אנדערע אידישע קדושים, באצאלט מיטן לעבן.

---

טראץ דעם, וואס עס זענען שוין פאריבער איבער 200 יאר זינט א. זש. איז טויט און אין דער צייט האבן א סך קלענערע פעלקער באוויזן אויפצובויען זייערע נאציאנאלע טעאטערן און אפט דערפירן זיי זאגאר צו א קינסטלערישער הויך, איז דאס נאציאנאלע טעאטער, אזוי אין פארטוגאל, ווי אין בראזיל, געבליבן שטיין כמעט אויפן זעלבן ארט, ווי עס איז געווען אין דער צייט פון אנטאניא זשאזע. ווי א קללה וואלט געהאנגען אויפן טעאטער פון דעם פאלק, וואס האט אומגעבראכט איינעם פון אירע בעס-טע דראמאטורגן און שעפער פון נאציאנאלן טעאטער, דעם אידיש-בראזיליאנער דראמאטורג, אנטאניא זשאזע דא סילווא.

אין דער בראזיליאנער געשיכטע און ליטעראטור-קרי-טיק ווערט דעם אומגעקומענעם אנטאניא זשאזע אפגע-געבן זייער א בכבודיק ארט. ניט געקוקט אויף דער אויס-גאבע פון זיינע ווערק אין פארטוגאל, זענען אלע זיינע ווערק ארויסגעגעבן געווארן מיט א באזונדער אויפמערק-זאמקייט אין בראזיל און זענען פארזען מיט זיין ביאגראפ-יע, אויפער דעם האבן נאך א ריי שרייבער און היסטאריקער

